


הילע פונם העפט פאר איבונגען און פארצייכנונגען (״דאס דריטע העפט״)

# דאס ייִנגל משה

## דאס טאגבוך פון משה פלינקער

איבערזעצט פון העברעאיש
יחיאל האָפּער

אריינפיר־ווערטער פון
דב סדן און שאול אַש




יד־ושם—ירושלים תשכ״ה




פארלאג י. ל. פרץ, תל־אביב

# ביים טאָפּל־טויער

## אריינפיר־וואָרט

### א

די בלעטער, וואָס מיר האָבן איצט פאר זיך, זענען דאָס טאָג בוך פון א זעכצן־יעריק יינגל, משה פּ ל י נ ק ע ר, — ער האָט דא פארבאהאלטן זיינע איבערלעבענישן און טראכטענישן, בשעת ער מיט זיין משפחה, בסך הכל ניין נפשות, האָבן געוווינט אין בעלגיע, ווו זיי האָבן זיך געפּרוווט אָפּראטעווען, נאָכדעם ווי זיי זיינען אוועק פון האָלאנד, און עס האָט זיי דערגרייכט דער סוף פון אנדערע מיליאָנען ברידער אין אייראָפּע. עס איז א וואָגיקער און באגלויבטער דאָקומענט, און בתורת דאָקומענט פון א משיח־לפי־תומו, גיט ער אונז א תשובה, איינע פון די תשובות, אויף דער גרויסער שאלה, וואס איז פיר־געקומען אין דער נשמה פון א יינגל אויף דער שוועל פונעם ט אָ פּ ל ע ם טויער — דער טויער פון דער וואָר, און דאָס מיינט די וואָר פון אומקום; דער טויער פון דער מחשבה, און דאס מיינט די מחשבה פון גאולה. מיר זאָגן: איינע פון די תשובות, ווייל שטריכן וואָס זענען צעוואָרפן אין די דאָזיקע בלעטער, און קייטלען זיך צוזאמען צו א ביאָגראפיש בילד פונעם יונגן שרייבער, לאָזן אונז פארשטיין זיין עיקר־כאראקטער און זיין עיקר־דערציאונג, וואָס האָבן אים באפעיקט, סיי צו דעם באזונדערן באנעם און סיי צו דעם באזונדערן אָפּרוף, וואָס רעדט צו אונז אזוי קלאָר פון זיינע ווערטער. א קינד פון א יידישער משפחה אין פוילן, וואָס האָט אליין אָפּגעהיט און אנדערע באוויגן אָפּצוהיטן מצוות, היפשלעך נאָענט צו געערער חסידות, איז ער גופא שוין געבוירן געוואָרן, אויף דער עמיגראציע, אין האָלאנד, אָבער ער האָט זיך געכאָוועט אין דער אטמאָספערע פון א שטוב אָנגעזאפּט מיט מסורה און שטייגער, וואָס זענען בישט געביזוקט געוואָרן מחמת דער השכלה זיינער, וואָס האָט ארומגענומען עטלעכע שפראכן, און צווישן זיי און, בעצם, דער־הויפּט, העברעאיש. אין איר האָט ער טאקע געשריבן זיין טאָג־בוך, און ער באנוצט זיך מיט איר גאָר געלענק און לעבעדיק. אזוי ווייט, אז ער מאכט אין איר אפילו אינטערעסאנטע שפּראכלעכע חידושים, וואָס דערקלערן זיך דורך זיין פולקומענער אָפּגעשלאָסנקייט פון איר לעבנס־שטראָם.

דאָס טאָג־בוך זיינס לאָזט זיך אָפּשאצן פון כמה אספּעקטן. עס איז דאָך

אַן אויסטערליש דאָקומענט — א ייִנגל וואָס זיין משפחה שטאַמט פון מזרח אייראָפּע, אָבער ער אַליין איז שוין אויסגעוואַקסן אין מערב־אייראָפּע, און אין דער איינזאַמקייט פון זיין באַהעלטעניש, לעבט ער, מיט א שאַרפער אינטואיציע, דורך דעם גורל פון די יידישע פאָלקס־מאַסן. ווי ווייט די דאָזיקע אינטואיציע גרייכט, לערנען מיר אָפּ פון יענע שטעלן אין זיינע ווערטער, ווו ער אַנט־פּלעקט וואָס עס איז נאָך דעמאָלט געווען פאַרהוילן פון עלטערע פון אים, סיי אין יאָרן און סיי אין ניסיון — בשעת זיי זיינען זיך כלל נישט משער, אַז די מאַסן יידן, וואָס ווערן פאַרכאַפּט און פאַרשיקט קיין מזרח, כדי זיי, לויט אַן אויסגערעכנטן פּלאַן, צו פאַרלענדן, לערנט דאָס ייִנגל אַרויס בדרך עקיפין: פון א דייטשישן אָפּיצירערס א רעדע פאַר זיינע חברים: פון דער רעזשי־ פונעם פילם "יוד זיס" וכדומה. עס איז פאַר אים גענוג צו האָבן געזען דעם פילם, עס זאָל זיך אין אים איינפלאַנצן א מין זיכערקייט, אַז אויב עס וועט נישט געשען קיין נס, גיין די יידן אונטער. די אינטואיציע, וואָס עלטערע און געפּרוווטערע האָבן זי נישט פאַרמאָגט, ווייזט זיך אין איר שאַרפער בילדלעכ־ קייט, ווען דער מחבר באַשרייבט א סאַליע, ווו דער רוב פרייט זיך און דער מיעוט טרויערט, און פון מאָל צו מאָל רייסט מען אַרויס צווישן די טרויעריקע און מען פאַרשלעפּט זיי אין א זייטיקער שטוב און דאָרט דערוואַרגט מען זיי.

אוודאי איז די אינטואיציע די סיבה פון דעם ייִנגלס ראַנגלענישן אין דער באַזונדערער מערכה פון זיין רייכער משפחה, וואָס עס האָט זיך איר איינגע־ געבן, מיטן איינקויף פון זיך־רעכט, זיך אויסצודרייען פון דער גזירה, פאַר־ כאַפּט און פאַרשיקט צו ווערן, כאָטש די גזירה האָט איבער זיי שטענדיק געהאָנגען און האָט זיי צום סוף דערגרייכט. אין געמיש פון געשפּאַנטקייט און אויפלייז (דאָס ייִנגל שפּאַצירט איבער די גאַסן, לערנט אין שול, גייט אַפילו אין סינעמאַ), יענער געמיש וואָס פילט זיך בולט ווי דער פאָן פון זיין טאָג־בוך און זיין אַרום, האָט זיך אויסקריסטאַליזירט זיין באַזונדערער אופן צו רעאַגירן אויף דער קאַטאַסטראָפע, און האָט זיך אויסגעשפּונען זיין פאַרוויטיקטער און תמימותדיקער פּרוּוו צו דערגיין דעם באַטייט פון דער קאַטאַסטראָפע און זי אויסצוטייטשן.

ב

זיין אויסטייטש שפּאַרט זיך אָן אויף א באַזע, וואָס די קאַטאַסטראָפע קען זי נישט אויפטרייסלען — עס איז די אמונה אין באַשעפער און זיין השגחה, וואָס איז ממילא געקניפּט מיט דער אמונה אין דער אויסדערוויילטקייט פון זיין פאָלק. אין פלוג דוכט זיך, אַז אַזא זיכערקייט וואָלט דאָך באַדאַרפט דער־ לייכטערן און באַרויקן, אָבער אין דער אמתן האָט זי אים דערשוועכט און

אויפגעשטורעמט — דער גורם דערצו איז דער שטענדיקער אקעגנשטעל פון ממשות און אמונה. מחמת־דעם ווייזט זיך דער כאראקטער פון זיין אמונה ווי א משוגה׳דיק געמיש פון תמימותדיקייט און פאראדאָקסיע, און דער שפּיץ איז אין זיין באַנעם פון דער גאולה. אָט די פאראדאָקסיע ווערט גאָר בולט ביים ליכט פון דער דערקענטעניש איבערן אויפרייס פונעם באַצי צווישן שולד און שטראָף: "די צרות זיינען שוין אסך גרעסער פון אונזערער זינד." נאָך מער, די צרות ווייזן זיך נישט בלויז גרעסער, נאָר אנדערש, דיאמעטראל אנדערש — ער באַטאָנט דאָס נייע אין עצם כאראקטער פון דער צרה וואָס האָט געטראָפן דעם איצטיקן דור לגבי די צרות וואָס האָבן געטראָפן אנדערע דורות, און ער פּרוּווט דעפינירן דאָס דאָזיקע נייע דורכדעם וואָס ער הויבט ארויס זיין אלגעמיינקייט, אָפּיציעלקייט, געזעצלעכקייט: "אזוי ווי עס איז אַן איסור גנבענען, אזוי איז עס א מצווה רודפן יידן". די באַזונדערקייט פון דער עצם צרה — פארזיכערט די באַזונדערקייט פון איר אויסגאַנג. און דאָס איז דער אויסגאַנג פון גאולה, וואָס וועט קומען נישט מחמת דער גערעכטיקייט פון די יידן, נאָר מחמת דער זינדיקייט פון זייערע פייניקער, אזוי אז די טאָטאַליטעט פון די ייסורים איז א גאראַנטיע פארן שלימות פון דער גאולה. דער דאָזיקער באַנעם קייטלט זיך אָן אין באַנעם פון אַן אבסאָלוטער צווישן־שייד פון יידן און גויים, ווי אַן אבסאָלוטער צווישן־שייד צווישן דעם כלל געפּייניקטע און דעם כלל פייניקער, צווישן דעם כלל געיאָגטע און דעם כלל יאָגערס. דערפאַר זעט דאָס ייִנגל נישט קיין חילוק צווישן די קעמפנדיקע צדדים און זיי זענען ביי אים אלציינס — דייטשלאַנד ווי רוסלאַנד, דייטשלאַנד ווי אמעריקע, אדרבא זיין צווייפל אויב ענגלאַנד האָט דאָס רעכט צו געווינען די מלחמה, איז נישט קלענער פון זיין זיכערקייט, אז דייטשלאַנד מוז זי געווינען, עס איז א דיאלעקטישער מוז, ווייל סיי דייטשלאַנד סיי אירע פיינט פארפולן דאָך אין דער דאָזיקער מלחמה אויך אירע אכזריותדיקייטן — די זינד פון אמורי. אמת, אז מען קוקט זיך איין, זעט מען אז דאָ און דאָרט וואַקלט זיך די דאָזיקע דיאלעקטיק, אָבער דאָס איז נוגע בלויז דעטאַלן, אין־גאַנצן־און־אין־גרויסן האָבן מיר דאָ א פעסטן באַנעם, אז די באַזונדערקייט פון דער דאָזיקער מלחמה באַשטייט אין דער באַזונדערקייט פון איר כאראקטער און איר אויסגאַנג, און דער אויסגאַנג וועט זיין, אז קיין איינציקער פון ביידע צדדים וועט נישט זיגן, א מין שווידערלעכער מעמד, וואָס צווינגט דעם אייבערשטן זיך אריינצומישן. א סך מאָל רעדט זיך טאַקע אין די בלעטער וועגן נסים וואָס מוזן געשען, אָבער די אלע נסים זיינען נישט מער ווי א פּסעוודאָנים פאַר איין איינציקן נס — די אינטערווענציע פונעם באַשעפער בכבודו ובעצמו. עס איז א חידוש און נישט קיין חידוש, וואָס דאָס ייִנגל האָלט,

א פנים, אז די אייבערשטע אינטערווענציע, פונקט ווי זי אנדערשט נישט איבער די פריערדיקע רעאַליטעט פאַר איר, אנדערשט זיך אויך נישט איבער די שפּעטערדיקע רעאַליטעט, און פונקט ווי די געזעצן פון דער נאַטור און דער ווערקלעכקייט האָבן פריער געהערשט, וועלן זיי אויך שפּעטער הערשן.

די דערקענטעניש, אז יידן וועלן אָפּגעראַטעוועט ווערן דורך דער גאולה אין זייער לאַנד, און דאָס וועט געשען דרך הנס, אָבער די מדינה ווי א פּרוכט און א סובסטראַט פון דער גאולה, וועט זיך פירן בדרך הטבע, פאַרהעלפט דעם יינגל אויסצושפּינען זיין חלום וועגן זיך אליין — דער באַשלוס צו ווערן דער אָנפירער פון דער יידישער פּאָליטיק. ווי ווייט חלום און וואָר זענען דאָ צוזאַמענגעוואָרפן, קענען מיר ארויסדרינגען דערפון, ווי אזוי ער מאָטיווירט זיין באַשלוס און ווי אזוי ער פּרוווט זיך דערצו צוצוגרייטן — די מאָטי־וואַציע: די אויפגאַב פאָדערט נישט קיין רעגולאַרע לימודים; דער צוגרייט: ער לערנט גאָר פליסיק אראַביש און ער גיט אויך אָפּ א דין וחשבון ווי ווייט ער איז דערינען דערגאַנגען. וואָס שייך דין וחשבון איז כדאי צו דער־מאָנען, אז ער גיט אים אָפּ בלויז איבער זיין העבּרעאישן לייען־מאַטעריאַל; און איבער פרעמד־שפּראַכיקן לייען־מאַטעריאַל הערן מיר, חוץ צייטונגען, גאָרנישט. פון דעם דין וחשבון לערנען מיר, אז תחילת האָט ער געזוכט אין דעם לייענען אן אילוזיע, וואָס איז גיך צונישט געוואָרן — בעיקר האָט ער געלייענט די בענד פון "התקופה", אָבער ער גיט איבער דעם געלייענטן ארויס א גאָר שווערן פּסק־דין. דער יונגעטשקער לייענער וויל נישט און קען נישט אָפּשאַצן די דאָרט באַהאַנדלטע טעמעס און פּראָבלעמעס פאַר זיך, מחוץ דעם קרייז פון דער קאַטאַסטראָפע און איר צייט, און ממילא פסלט ער זיי מיט א האַרבן זאָג: "נול מיט נול לגבי דעם וואָס געשעט איצט". דער קוק האָט זיך מסתמא אויך געשטאַרקט מכוח זיין דערציִאונג, וואָס האָט אים איבעריק נישט באַפּעיקט צו באַנעמען ליטעראַטור־ווערטן ווי ווערט פאַר זיך גופא, אָבער דער האַרבער פּסק דין שטעלט זיך אויך נישט אָפּ פאַרן תנ"ך — ער צווינגט זיך אים צו לייענען. צוערשט רעדן די געוויינלעכע פּרקים נישט צו זיין האַרצן, צום סוף רופט זיך דאָס האַרץ אָפּ אויף א פּאָר פּרקים, ווי ספר ירמיהו און מגילת איכה. אנדערש האַלט עס מיטן מיטלעלטערלעכן פּיוט — די פּיוטים, וואָס ער אליין פלעגט אָפּהוזקן איבער זייער בוי און פאָרעם, רעדן אים איצט פון האַרצן און צום האַרצן, און דער גורם דערצו איז די שטאַרקע ענלעכקייט צווישן דעם מעמד פון יידן אין דער איצטיקער צייט און דעם מעמד זייערן אין יענער צייט, כאָטש מיר האָבן שוין געהערט איבערן אַבסאָלוטן חילוק צווישן די איצטיקע צרות און אַלע פריערדיקע צרות.

עס איז א ספק, אויב מיר קענען אנטשיידן, בפרט גאָר גענוי, אין דער הארבער קשיא, וואָס האָט דאָס יינגל אריינגעבראכט אין זיין קאטאסטראָ־פע־איבערלעבעניש און וואָס האָט ער פון איר ארויסגעבראכט. מיר האָבן בלויז א לייכטן אָבער גענוג קלאָרן ווינק צו געפונען א שטיקל תירוץ דערצו. מיר מיינען דאָ די אומבאקאנטע צאָל אין חשבון — דאָס געשטאלט פון זיין רבין, וואס מיר ווייסן בלויז זיין משפחה נאָמען, מר גרעבל, און הערן פונעם תלמיד א מיט בענקעניש דורכגעזאפטן לויב־געזאנג וועגן אים. דוכט זיך אונז, אז די יסודות פונעם יינגלס דעות האָט ער טאקע פון זיין רבין. איינמאָל לאָזט עס אונז דער תלמיד בפירוש וויסן — עס זענען זיין רבינס פאָר גע־ציילטע ווערטער וועגן מלחמת גוג ומגוג וואָס וועט קומען. בעצם, איז דא שווער אנצווועגדן דאָס לשון: וועט קומען, ווי דער יונגער שרייבער ווענדט עס אָן, ווייל לויט זיין אייגענעם באשרייב און זיינע אייגענע דעפיניציעס איז שוין די א י צ ט י ק ע מלחמה מלחמת גוג ומגוג, וואָס וועלן קיינס נישט מנצח זיין, ווייל דער לעצטער נצחון איז דעם איבערשטנס. נאָך מער, פון צווישן די שורות שפארן אפיר, און צומאָל באשיינפערלעך, בולטע סימנים פון דעם וואָס דער רבי האָט מיט אים געקנעלט. אָט זעען מיר, אז דאָס יינגל איז אימפולסיוו און מיר חידושן זיך כלל נישט, אז ער רייסט זיך עפעס אויפצוטאָן — א שטייגער דער פלאַן זיינער זיך אריבערצוראטעווען קיין ענג־לאנד, דער פלאַן זיך צו לאָזן מיט די מעפילים קיין ארץ ישראל. אָבער דאָס זיינען בלויז פארבייאיקע פלאנען, בשעת דער באשטאנדיקער, פעסטער פלאַן איז צו פארלאָזן זיין א קנאפ געזיכערטע שטוב און זיך לאָזן פרייוויליק ווי אַן ארבעטער קיין מזרח איירָאָפּע, כדי מיטצומאכן די ביטערע דאָליעס פון די מאסן פארכאפטע און פארטריבענע. דאָס הייסט, אז אפילו ווען עס באַ־הערשט אים אַן אקטיוו געמיט, איז די טענדענציע אירע א פאסיווע. דאָס טרייבט אויך פון אים אָפּ דאָס וואָס וואָלט זיך פון זיך אליין פארשטאנען, דעם ווילן זיך נוקם זיין, אָדער ווי ער אליין זאָגט עס: ״אז יעדער ייד וואס קען טראָגן א שווערד זאָל זיך א שטעל טאָן און באפאלן א דייטש״. אמת, ער באנוצט זיך דאָ מיט דער איינער דערקענטעניש זיינער, וואָס זעט נישט קיין חילוק צווישן די צדדים, אזוי ווייט, אז ער האלט, דאָס נקמה הייסט אייגנטלעך זיך אנטקעגנשטעלן דער גאנצער וועלט; פונקט ווי ער באנוצט זיך מיט דער אנדערער דערקענטעניש זיינער, אז אונדזער נקמה איז דער אויפבוי פון אונדזער לאנד און דער צוריקקער פון אונזער פאָלק צו איר; אָבער אז מען הערט זיך גוט איין, כאפט מען דאָס ווידערקול פון דעם פסוק, כאָטש דאָס

ייגגל דערמאָנט אים נישט: ד׳ ילחם לכם ואתם תחרישון ( = דער אייבער־שטער וועט שטרייטן פאר אייך און איר וועט שווייגן), פונקט ווי מען כאפט דאָס ווידערקול פון מדרש אגדה איבער די יוצאי מצרים, וואָס טייטשט: יונתי בחגוי הסלע ( = מיין טויב אין די שפאלטן פון פעלדז) — די טויב אנטלויפט פאר דעם ערשטן נאָכיאָגער, דער פארצוקנדיקער שפארבער, און זי ראטעוועט זיך אין לאָך און דאָ טרעפט זי דער אנדערער נאָכיאָגער די בייסנדיקע שלאנג, און צאפלענדיק צווישן שפארבער און שלאנג, פאָכעט זי מיט די פליגלען אירע און שרייט, קומט דער בעל השובך (דער באזיצער פון טויבנשלאק) און ראטעוועט זי.

מען מוז מודה זיין, אז דאָס ייגגל ראנגלט זיך מיט דעם יסוד פון זיין באנעם, און א גרויסע ראָל פון דעם געראנגל, כאָטש די ראָל איז ווי פארשלונגען אין די טאָגבוך בלעטער, שפילט דער ציוניזם, וואָס ער באמיט זיך אים צו סינטעטיזירן מיט די עלעמענטן פון זיין קוק, ווי מיר לערנען אָפּ פון זיין פרווו פון אן אנדערן נוסח פון אונזער הימנע:

״עוד לא אבדה תקותנו/התקוה משנות אלפיים/להרחם מאלקנו/אלוקי ציון וירושלים״ (־נאָר איז נישט פארלוירן אונדזער האָפנונג, די האָפונג פון צוויי טויזנט יאָר, מיר זאָלן דערבארעמט ווערן פון אונזער גאָט, דער גאָט פון ציון און ירושלים).

דעם געראנגל זעען מיר גאָר בולט, ווען ער דערוווסט זיך איבער די שטילע צוגרייטן פון די ייִדן און אראבער צו א מלחמה צווישן זיך — איצט דערוועקט זיך אין אים א גאָרעניש נאָך אקטיוויטעט ״זיך צוצושאַרן צו זיי, צו מיינע ליבלעכע ברידער און זיי העלפן אין זייער מלחמה און נאָך אין אנדערע זאכן״. און וואָס שייך ציוניזם, איז כדאי ארויסצוהייבן צוויי שטריכן — פון איין זייט דער הארבער פסק איבער ווייצמאן, ווייל ער קלערט נישט ווי עס קלערט דאָס ייגגל, און איז צוגעשטאנען צו איינעם פון די צדדים, און ער איז אפילו געגאנגען צו רוזוועלטן; פון דער אנדערער זייט דער הארבער פסק איבער סאָקאָלאוו, ווייל ער האָט אין יובל־בוך פון דער ״הצפירה״ געשריבן, אז דער רוב פון פאָלק וועט בלייבן אין גלות און דאָס סולת וועט קומען קיין ארץ ישראל; און עס איז גריילעך א הארבער פסק איבער דעם עזות זיך צו נעמען דאָס רעכט צו אנטשיידן, ווער איז בחינת סולת, וואָס איז ווערט אויסגעלייזט צו ווערן, און ווער איז בחינת פסולת, וואָס איז נישט ווערט דערצו — עס איז א פסק, וואָס שרעקט זיך נישט אָפּ פון א זאָג, אז דאָס פסולת זענען דווקא יענע קלוגע און פקחותדיקע פיורערס, וואס ווייסן נישט, אז לגבי אונדזער לאנד און לגבי דער באדערפעניש און נויטיקייט פון גאולה, זענען כל ישראל בחינת סולת.

עס איז קאָנטיק, אז דאָס ייִנגל האָט בשעתן סיום פון זיין טאָגבוך געהאַלטן אין עצם פּראָצעס פון אויסצייטיקן זיינע געדאַנקען און זיי ק ר י ט י ש צו קאָנטראָלירן, און א היפּשע ראיה דערצו איז וואָס ער גופא איז מודה: „און די קומנדיקע טעג וועלן באַווייזן, א ו י ב אַלץ וואָס איך האָב געקלערט ביז איצט, אַלץ וואָס האָט זיך איבערגעקאָכט אין מיר און אַלץ וואָס איז אין מיר געוואָרן צום שטאַרקן און פעסטן געדאַנק, וואָס איז איצט מיין גאַנצער מהות, מיין גייסטיקער קערן, א ו י ב דאָס וועט ווערן צו גאָרנישט, אויב דאָס אַלץ איז אמת און וואָר, וועט עס זיין פאַר מיר די שטאַרקסטע ראיה פאַרן ציל וואָס איך האָב מיר פון לאַנג געשטעלט אין לעבן. בישט פאַר מיינעטוועגן בעט איך מיין גאָט, אז אַלץ זאָל זיין ווי איך האָב געקלערט און אַלץ זאָל געשען ווי עס איז שוין פון לאַנג באַשריבן, נאָר צום גוטן פון מיין געליבט פאָלק, נאָר צו זיין גליק, און עס זאָל שוין קומען אן עק צו אונזער צוויי־טויזנט־יעריקן גלות".

דב סדן

## עטלעכע ווערטער צו דער יידישער איבערזעצונג

ס׳טרעפט זיך כמעט נישט, איך על־כל־פנים ווייס נישט פון אזא פאל, אז אין נארמאלע צייטן זאל א יידיש־רעליגיעזער יוגנטלעכער שרייבן א טאג־בוך. דער רעליגיעזער יוגנטלעכער גלויבט, אז יעדע נאכט אין שלאף גייט זיין נשמה ארויף אין הימל און פארשרייבט דארט אלץ, וואס ער האט געטאָן אין משך פון טאג. איז צו וואס א דאפלטע בוך־פירונג?

אבער ווי אזוי איז עס געווען אין די צייטן פון אומקום, פון הסתרת־פנים?

להיפוך דער אנגענומענער מיינונג, האט מען אין דער נארמאלער צייט געשריבן א סך מער טאגביכער ווי אין דער צייט פון אומקום, אבער געטאָן האבן דאס יוגנטלעכע, דער עיקר מיידלעך, פון פרייע וועלטלעכע היימען, צוליב ריין פסיכאלאגישע טעמים.

דאקעגן משה פלינקער האט געשטאמט פון א פרומער יידישער היים, איז אליין געווען טיף רעליגיעז און א שומר־מצוות. זיין פאטער איז געווען אן אנהענגער פון גערער רעבין. אחוץ דער אלגעמיינער שולע, האט משה פלינקער אפגעגעבן אסך צייט די לימודי־קודש. טא פון וואנען קומט צו אים דער ווילן און חשק צו שרייבן א טאגבוך? האט ער דאך דעם באַגער אויס־צוגיסן זיין הארץ מקיים געווען דריי מאל אין טאג אין די תפילות. ווידער, צו באשרייבן וואס איז געשען מיט די יידן אין יענע צייטן — איז נישט געווען זיין כוונה, ווייל יעדנפאלס פיזיש האט ער זיך נישט געפונען אין מיטן פון די דאזיקע מורא׳דיקע געשעענישן.

דער זעכצן־יעריקער משה פלינקער דערקלערט זיין שרייבן דאס טאגבוך דערמיט, וואס זייט ער איז אנטלאפן פון האלאנד קיין בעלגיען טוט ער גארנישט. „צוליב דעם ווייל איך גיי ארום ליידיק האב איך מיר געמאכט דעם דאזיקן העפט צו פארשרייבן אין אים טאג־טעגלעך אלץ וואס איך האב געטאָן און וואס איך האב געטראכט.“ ס׳איז ווי מיר זען, אן אויפגעצווונגענער אויף זיך אליין חשבון־הנפש. ער פילט־שרייבט ער־אז ער גייט אראפ וואס אמאל נידריקער און נידריקער. און דאס אלץ צוליב דעם ארום גיין ליידיק.

דעמאלט, אין אזא מצב ווי משה פלינקער פילט אים ביי זיך, איז אפילו פאר דעם פרומען ייד ווייניק, וואס ער האלט אויף זיין פרומקייט. ס׳איז ווייניק, ווייזט אויס, דער גלויבן אז די נשמה פארשרייבט ביינאכט אין הימל וואס דער מענטש האט אפגעטון אין משך פון טאג, ווייל דאס פארשריבענע

דינט אויף צונויפשטעלן דעם חשבון פון שכר ועונש אויף יענער וועלט. און דא פאדערט זיך אַ דין וחשבון טאג־טעגלעך. נישט קיין הימלישער חשבון איז דאס, נאר אן ערדישער. נישט בין אדם למקום, נאר צווישן מענטש און זיך אליין. ווייל משה פלינקער האט געוואלט אין די דאזיקע שרעקלעכע צייטן אויפהאלטן אין זיך אלע יידישע מידות און מדרגות, ווי ער האט זיי געגומען ביי זיינע עלטערן און געלערנט ביי זיינע רביס, דער עיקר ביי זיין רבין, מר גרעבל, האט ער זיך געשאפן דעם אפאראט פון זעלבסטקאנטראָל — דאס טאָג־בוך, וואס איז זיכער איינער פון די סאמע ערלעכסטע דאָקומענטן, וועלכע די וועלט האט אמאל באקומען פון א זעכצן־יעריקן יוגנטלעכן.

"אזוי ארום — פארענדיקט משה פלינקער זיין אריינפיר אין טאגבוך — "וועל איך יעדן אוונט קאנען אפגעבן א דין וחשבון פאר זיך אליין, וואס איך האב געטון אין משך פון גאנצן טאג, מיט וואס איך האב זיך באשעפטיקט און מיט וואס דער טאג איז מיר פארביי".

ווייל דאס איז א דין וחשבון מיט זיך אליין פאר זיך אליין, איז עס נישט נאָר וועגן דעם פארגאנגענעם טאָג, נאר אויך וועגן דעם מאָרגנדיקן; וועגן דעם, וואס וויל דער שרייבער פון טאָגבוך זיין אין דער צוקונפט, ווי אזוי שטעלט ער זיך פאר זיין צוקונפט, און דער עיקר, די צוקונפט פון זיין פאלק, נאך אזעלכע מורא׳דיקע נסיונות.

דער זעכצן־יעריקער משה פלינקער האט אין זיין טאגבוך אריינגעלייגט זיין גאנצע פרומע, פארליבטע נשמה, ווארעם פרום זיין הייסט — פארליבט זיין. ער איז געווען פארליבט אין זיין יידיש פאָלק, אין זיין פארפייניקט יידיש פאלק, און איז געווען פארליבט אין זיין גאט, אין דעם גאט אין וועלכן ער הערט נישט אויף צו גלויבן, אז ער איז אן אל רחום וחנון.

אמת, ער האָט געהאט טענות צו גאָט, טענות צו געוויסע מענטשן פון זיין פאָלק, טענות צו געוויסע ציוניסטישע מנהיגים, און נאָך מער — צו נישט־ציוניסטישע. אבער דאס אלץ האט אויף קיין האר נישט פארמינערט זיין פארליבטקייט אין גאט און אין זיין פאלק.

ער האט נאר געדאגה׳ט, ווי אזוי וועט ער קענען אין אזא ביטערער צייט, אן אפגעריסענער פון זיין פאלק, לעבנדיק אויסער אים, אנטוויקלען און אויפהאלטן אין זיך די מדרגות, אדאנק וועלכע ער זאל די דאזיקע ליבשאפט, די ליבשאפט צו זיין גאט און פאלק, ווערט זיין.

דעריבער האט ער געשריבן דאס טאגבוך, אז ער זאל אים זיין א בייהעלפער צו דערגרייכן די מדרגות צו וועלכע ער האט געבענקט. צוליב דעם, ווייל דאס טאגבוך האט אים געזאלט זיין א הילף אויף זיין יידישן וועג, איז ביי אים דאס שרייבן געווארן אן עבודה, אן עבודת הקודש.

און געשריבן האט משה פלינקער זיין טאגבוך נישט אין האלענדיש, נישט אין יידיש, נאר אין לשון קודש. זיין עברית איז נישט דער מאדערנער, לעבעדיקער עברית, פון וועלכן ער איז געווען אפגעריסן, און צו וועלכן ער איז אפשר קיינמאל נישט געווען נאענט. זיין עברית איז דאס לשון פון תנ״ך, פון תלמוד און פון אנדערע ספרי־קודש, און אין א זייער קליינער מאס פון ספרי־חול. אין זיין טראכטן און אין זיין אופן פון טראכטן זעט מען א גאנץ קנאפע השפעה פון דער שיינער ליטעראטור. די הויכע עמאציאנעלע אנלאדונג ביים שרייבן האט פלינקערן זיכער געהאלפן זיך אן עצה צו געבן מיט געוויסע שפראך־שוועריקייטן אין עברית. (נאר צוויי, נישט קיין גרויסע פראגמענטן פון דעם טאגבוך זענען געשריבן אין האלענדיש). ס'האט זיך אויך געטראפן, כמעט זייער זעלטן, אז די הויכע אנלאדונג איז אים געווען א מכשול אויף ארויסצוברענגען אמאל א געדאנק אין זיין גאנצער סטיליסטישער דורכזיכטיקייט.

פאר דעם איבערזעצער אין יידיש איז געווען קלאר, אז איבערגיסן דאס בוך אין א מאדערנעם ליטעראַרישן יידיש, וואלט געהייסן צונעמען א טייל פון דער ספעציפישער אטמאספערע, וואס הילט איין דאס בוך, וועלכעס קאן דרייסט פארעכנט ווערן צו די ספרי־קודש, נישט דערפאר, ווייל ס'איז געשריבן דורך א קדוש נאר ווייל זיין תוכן איז כולו קודש.

האט דער איבערזעצער טיילמאל געפרווט באנוצן דעם יידיש, ווי ער האט אים פארגעדענקט פון חדר און ישיבה, וו די רביס האבן דאס גאנצע לערנען פארטייטשט אין יידיש; ער האט דאס געטון בכדי איבערלאזן אין דער איבערזעצונג כאטש א ווידערקלאנג פון דעם אָריגינעלן אייגנארטיקן טאָן.

די איבערזעצונג איז א ווערטלעכע. פרווון אויפקלערן געוויסע אומקלארע, צי סטיליסטיש פארוויקלטע שטעלן, וואלט לויטן איבערזעצער געהייסן — איבערטרעטן זיינע רעכט, ארייגגיין נישט אין זיין רשות.

דער איבערזעצער

# מיטן בוך

ביכער, מלבושים און דריי העפטן — די דאָזיקע דריי זאַכן האָבן די טעכ־טער פון דער משפחה פלינקער, געפונען, ווען זיי האָבן זיך אומגעקערט פון דעם קאָנצענטראַציע לאַגער, אין דעם הויז קעלער אין בריסל סקאַרבעק גאַס קאָלאָנעל פּיקאַר 1, וווּ די משפחה האָט געוואוינט איידער זי איז אַרעסטירט געוואָרן. די דאָזיקע העפטן האָבן אַנטהאַלטן די פאַרצייכנונגען פון זייער ברודער, וועלכער האָט זיי אַרויפגעבראַכט אויפן פּאַפּיר, ווען ער פלעגט פראַוון התבודדות אין זיין צימער און פלעגט זיך אויסבאַהאַלטן פון אַ פרעמד אויג.

משה זאב (וועמען מען האָט גערופן פאַרקירצט "משה") בן אליעזר נח פלינקער ז"ל איז געבוירן געוואָרן אין האַג, דעם 9־טן אָקטאָבער 1926. זיין פאָטער אַן אָפּשטאַמיקער פון פּוילן, האָט געמאַכט גוטע געשעפטן אין האָלאַנד. ער האָט פאַר אַלע זיינע זיבן קינדער געהאַלטן פּריוואַטע לערער, כדי אויס־צובריייטערן זייערע לימודים אויסער דער שולע. דאָס יינגל משה האָט אַרויס־געוויזן אַ באַזונדערן אינטערעס פאַר יידישע לימודים. אין שטוב האָט מען גערעדט האָלענדיש, אָבער משה האָט אויך געקענט העברעאיש און יידיש, און ער האָט אויך געלערנט פראַנצויזיש, ענגליש, דייטש, רומעניש און גריי־כיש; וועגן זיינע באַמיונגען צו לערנען אַראַביש זאָגן עדות זיין טאָגבוך און אַ העפט פאַר איבונגען. אין האַרבסט 1939, ווען ער איז געוואָרן בר־מצווה, האָט ער אין איינעם פון די זאַלן געהאַלטן אַ דרשה אין העברעאיש פאַר אַ פּובליקום פון עטלעכע הונדערט צוהערער און דאָס איז געווען אַ געשעעניש, וואָס האָט געפונען אַן אָפּקלאַנג אַפילו אין ניט־אידישע צייטונגען.

נאָך דעם איבערפאַל פון די דייטשן אויף פּוילן, ווען עס האָבן אָנגעהויבן אָנקומען ידיעות וועגן די גרויל־טאַטן וואָס זיי זיינען באַגאַנגען געגן די יידן, האָט דער טאַלאַנטירטער און דערפאַלגרייכער בחור דורכגעמאַכט אַ גייסטיקן קריזיס און ער איז ווי געוואָרן אַן אַנדער מענש. משה האט געוואָלט זיך משתּף זיין אין צרת רבים און האָט אויף זיך גענומען פאַרשידענע איסורים: ער האָט אויפגעהערט צו עסן פלייש און פאַרשידענע אַנדערע שפּייזן, וועלכע האָבן אים אויסגעזען צו זיין לוקסוס־זאַכן. ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון קויפן נייע זאַכן, און פלעגט אַרומגיין אין זיינע אָפּגענוצטע בגדים. מיט דער הילף פון אַ ראַדיאָ־אַפּאַראַט, וועלכן ער האָט אַליין צונויפגעשטעלט, פלעגט ער אין זיין

צימער זיך צוהערן צו די ידיעות, טראנסמיטירטע דורך די אליאירטע, טראָץ דעם שווערן פארבאָט צו הערן די דאזיקע טראנסמיסיעס. אין יאר 1942, ווען די דייטשן האבן אָנגעהויבן ארעסטירן די האָלענדישע יידן, איז דעם פאָטער זיינעם געלונגען אויסצובאהאלטן זיך און זיין משפחה פון די דייטשן. ווען די סכנה איז שטארקער געוואָרן, איז די גאנצע משפחה אריבער קיין בעלגיע, ווי דאָס ווערט געשילדערט אינעם טאגבוך. אויך אין בעלגיע האָבן זיי נישט געהאט קיין רו, און זיי האבן דאָרט געלעבט א לעבן פון "אנוסים" און גערודפטע. משה האָט געלערנט אין א האנדלס־שולע, און אָן דעם וויסן פון די עלטערן האָט ער געלערנט אראביש ביי א פריוואטן לערער, וועלכער האט אָפגעשאצט זיינע פעהיקייטן און אים געלערנט אומזיסט.

דעם פאָטער איז געלונגען צו באקומען א דערלויבעניש צו פארבלייבן אין בעלגיע און פארלענגערן די דערלויבעניש פון צייט צו צייט, דאָס לעצטע מאָל — דעם 9־טן מערץ 1944. געציילטע וואָכן שפּעטער, ערב פסח תש"ד, וואָס איז אויסגעפאלן דעם 7טן אפּריל 1944, איז אין זייער וווינונג געקומען א געוויסער זשאק, א בארימטער מסור, אין באגלייטונג פון צוויי געסטאפא־לייט. די דאָקומענטן האָבן דאָסמאל גאָרנישט געהאָלפן — די עופות וואס האָבן זיך געהאלטן אין זאלצן און די מצות האָבן עדות געזאָגט אויף דער ידישקייט פון די בעלי־בתים. זיי זיינען אוועקגעפירט געווארן קיין אוישוויץ, פון וואנען משה איז שוין נישט צוריק געקומען.

די העפטן פון דעם דאזיקן טאָגבוך האָבן ארומגעוואנדערט פון איין משפחה־מיטגליד צום צווייטן, ביז זיי זיינען אָנגעקומען קיין ישראל, אין די הענט פון יינגערן ברודער. פון אים האָבן מיר באקומען די העפטן מיט א רעקאָמענדאציע פון ש. י. עגנון, וועלכער האט דעם טאָגבוך געלייענט און האָט אויסגעדריקט זיין באוואונדערונג. מיר האָבן געהאלטן פאר אונזער פליכט שטרענג אָפּצוהיטן די אריגינעלע פאָרם, אין וועלכער דאָס יינגל האָט גע־שריבן זיינע פארצייכענונגען. די פארצייכענונגען וועלכע האָבן דאטעס, זיינען אפגעדרוקט לויטן כראָנאָלאָגישן סדר; די איבעריקע פארצייכענונגען, אָן דאטעם, זיינען אפגעדרוקט צום סוף, לויט זייער סדר אין די העפטן.

דריי העפטן זיינען צו אונז דערגאנגען: איין העפט פון 120 זייטן (און איין ליידיקע זייט) באשטייט אינגאנצן פון טאָגבוך פארצייכענונגען; אין א צווייט העפט, וואָס האט 36 זייטן (פיר זייטן זיינען ארויסגעריסן), זיינען 15 זייטן ליידיקע, די איבעריקע זייטן אנטהאלטן טאָגבוך פארצייכענונגען, נאָטיצן און א קאָפּיע פון "התקווה" מיט א געענדערטן "פזמון" (ער איז אָפּגעדרוקט אין סוף בוך); א דריטע העפט, פון 164 זייטן, פון וועלכע 22 זיינען ליידיק, איז אויסגעפילט הויפטזעכלעך מיט איבונגען אין אראבישער שריפט און

מיט קאַפּיטלעך פון קאַפּיטלעך תנ״ך, פון שבת זמירות, פּיוטים, קינות און סלי־
חות, מאַלונגען און צייכענונגען — דאָס אַלץ האָבן מיר אין בוך נישט אַריינגע־
נומען. די אַנדערע זאַכן פון דריטן העפט אַנטהאַלטן פאַרצייכענונגען און
נאָטיצן, און זיי זיינען אַלע אָפּגעדרוקט.

צום סוף ווילן מיר דערפילן אַן אָנגענעמע פליכט: באַדאַנקען די אַלע,
וועלכע האָבן אַ חלק אין דער מצווה פון ברענגען צום דרוק די דאָזיקע
רשימות פון אַ ייִנגל אַ קדוש און אַזוי אַרום לאָזן אים רעדן צו אונז פון זיין
קבר. הרב חיים אלעזר אלטער שליט״א פון ירושלים, איז געווען דער שליח
מצווה; ער איז געווען דער וואָס האָט איבערגעגעבן דעם טאָגבוך צו ש״י
עגנון און ער האָט נישט גערוט ביז ער האָט סוף כל סוף איבערגעגעבן דעם
כתב־יד צו יד־ושם. ה' חיים אהרן פלינקער, דער ייִנגערער ברודער פון
פאַרשטאָרבענעם מחבר, האָט מסכים געווען צו שטעלן די העפטן צו אונזער
רשות. פרוי אסתר שווימער (ניו־יאָרק) האָט אונז איבערגעגעבן די אויבן
געבראַכטע ביאָגראַפישע דאַטן. פרוי ציפּורה עפּשטיין האָט איבערגעזעצט
די שטעלן, וועלכע זיינען געשריבן געוואָרן אין האָלענדיש.

שאול אַש

בריסל, 24־טער נאָוועמבער 1942

ט״ו כסלו תש״ג

שוין זייט א געוויסער צייט האב איך געוואלט אָנהייבן פאַרשרייבן יעדן אונט וואס איך האב געטון אין משך פון טאָג. אבער צוליב פארשידענע סיבות בין איך ביזן היינטיקן אָונט דערצו נישט געקומען. ערשט היינט אָונט מאך איך די התחלה.

ראשית כל וועל איך פארשטייך געבן, פארוואס איך טו דאס. דורך פארשידענע סיבות, וועלכע איך וועל באשרייבן ווייטער, בין איך מגולגל געוואָרן אַהער, קיין בריסעל. דאָס פאַרוואָגלט ווערן אַהער איז געשען אויף אַזא אופן:

געבוירן בין איך אין האג, די קרוין־שטאָט פון האלאנד. דאָרט בין איך געזעסן אין רו און אין שטילקייט. איך האָב באַזוכט די עלעמענטאַרע שולע און נאך איר די האנדלס־שולע. אין דער דאזיקער שולע בין איך געגאנגען נאָר צוויי יאָר. בכדי צוגעלאזט ווערן צו די ענד־עקזאמענס דארף מען אין דער שולע גיין פיר יאר. היות אבער די דייטשן, וואס זענען אריין קיין האָלאנד אין יאר 1940, האבן אין דער פעריען־צייט, נאכן פאַרענדיקן די לימודים פון צווייטן יאר *, פארבאטן אלע יידישע שילער פון אלע שולעס אין האלאנד צו באזוכן די שולעס אין וועלכע עס לערנען נישט־יידישע (ארישע) לערער, האב איך דעריבער מער נישט געקאנט באזוכן די אלגעמיינע האנדלס־שולע. דער פארבאט פאר די יידן צו באזוכן די אלגעמיינע שולעס איז א טייל פון א לאנגער ריי פארבאטן פאר יידן. שוין פאר דעם האבן די יידן געמוזט אפגעבן זייערע ראדיא־אפאראטן, זיי האבן נישט געטארט באזוכן קיין סינעמאס, און דאס גלייכן.

אין די גרויסע שטעט, ווו ס׳האבן געוווינט א סך יידן, זענען געגרינדעט געווארן פאר די יידישע שילער שולעס אין וועלכע ס׳האבן געלערנט נאָר יידישע לערער. אויך אין האַג איז געגרינדעט געוואָרן אַזאַ שולע. די, וועלכע איז געגרינדעט געווארן ביי אונדז, איז געווען א ליצעאום און געהאט דריי אפטיילונגען: אן אָפטיילונג פאר ה.ב.ס. **, א גימנאזיום און א האנדלס־שולע. איך האב פארשטענדלעך פארגעזעצט מיין לערע אין דער האנדלס־אפטיילונג.

אין דעם יאר, אין וועלכן איך האב באזוכט די יידישע שולע, האבן זיך זייער און זייער געמערט די גזירות אויף יידן. צוויי חדשים פאר די פעריען האבן מיר געמוזט אוועקגעבן אונדזער וועלאָ דער פאליציי. זייט דאן בין איך געפאָרן אין דער שולע מיטן עלעקטרישן טראמוויי. אבער איין טאג, צי צוויי

---

* פלינקער מיינט: — נאך דעם ווי ער האט פארענדיקט די לימודים פון צווייטן שול־יאר. (י. ה.).

** ה.ב.ס. — Hogere Burger School. H.B.S. א מיטל־שולע אין וועלכער מען לערנט נישט אלטערטימלעכע שפראכן ווי גריכיש און לאטיין.

טעג פאַרן ענדיקן זיך פון לערן־יאָר, איז די יידן אויך פאַרבאָטן געוואָרן צו פאָרן מיטן עלעקטרישן טראַמוויי. דעמאָלס האָב איך שוין געמוזט גיין צופוס אין דער שולע און דאָס האָט געדויערט ביי אַנדערטהאַלבן שעה. פונדעסטוועגן בין איך נאָך די לעצטע טעג געגאַנגען אין שולע, ווייל איך האָב געוואָלט באַקומען די שול־צייגניש און געוואָלט וויסן, צי איך בין איבערגעגאַנגען אין אַ העכערן קלאַס. דעמאָלט האָב איך נאָך געטראַכט, אַז נאָך די פעריען וועל איך ווידער קאָנען באַזוכן די שולע. אָבער פון דעם איז גאָרנישט אַרויסגעקומען. פריער וויל איך נאָך דערמאָנען, אַז איך בין טאַקע איבערגעגאַנגען אין אַ ווייטערדיקן קלאַס, און איצט וועל איך אָנהייבן באַשרייבן אַלע גזירות וואָס זענען ניגזר געוואָרן אויף אונדז אין משך פון די שול־פעריען. נאָך אַ זאַך האָב איך פאַרגעסן: אין משך פון דעם יאָר האָט מען אינדז פאַרפליכטעט אָנצוגייען שאַנד־אָפּצייכנס אויף דער לינקער זייט פון ברוסט־קאַסטן. די אָפּצייכנונג איז געווען אַ „מגן דוד" אין דער גרייס פון אַ האַנט־פלאַך. אויפן „מגן דוד" האָט באַדאַרפט זיין דייטלעך אויפגעשריבן „ייד" מיט לאַטייניש ע בוכשטאַבן.

נאָך מער ווי אַ האַלב יאָר פאַרן אָנהויבן זיך פון די פעריען, האָבן די דייטשן אָנגעהויבן צונויפזאַמלען די יידן אין גרויסע שטעט, דער עיקר אין אַמסטערדאַם. די יידן איז געווען פאַרבאָטן איבערצוגיין אין אַנדערע וווינ־ערטער, אָבער קיין אַמסטערדאַם האָבן זיי יאָ געמעגט. ווען עס זענען שוין געווען גענוג יידן אין אַמסטערדאַם, האָבן די דייטשן אָנגעהויבן אַרויסצושיקן פון דאָרט די יידן אויף ערטער וואָס ביז היינט ווייס איך נישט ווו זיי געפינען זיך. דאָס אַרויסשיקן איז פאָרגעקומען אויף אַזאַ אופן: אַ סך פאַמיליעס, פאַרשטייט זיך יידישע, האָבן דערהאַלטן בריוו, אַז זיי זאָלן זיך צוגרייטן צו אַ נסיעה פון דריי טעג. זיי האָבן זיך באַדאַרפט אָנגרייטן שפּייז אויפן וועג און אויך מלבושים און כלים וואָס ס'ענען זייער נויטיק אין וועג, און ביינאַכט, צוועלף אַ זייגער, האָבן זיי באַדאַרפט קומען צו דער סטאַציע. פון דאָרט זענען זיי געשיקט געוואָרן קודם־כל קיין וועסטערבאָרק, אַ לאַגער נאָענט פון דער האָלענדיש־דייטשער גרענעץ, און פון דאָרט זענען זיי נאָך עטלעכע טעג געשיקט געוואָרן קיין . . .

אין דער דאָזיקער צייט האָט אַ דייטשער באַאַמטער געהאַלטן אַ רעדע אויף אַ פאַרזאַמלונג פון זיינע קאָלעגן. אין זיין רעדע האָט ער אויך גערעדט וועגן יידן און ער האָט געזאָגט, אַז די יידן זענען שונאים פון אייראָפּע און זיי ווילן אונטערטעניק מאַכן דייטשלאַנד און די איבעריקע אייראָפּעאישע לענדער. דעריבער דאַרף ער זיך שיצן און איז מחויב זיי צו פאַרשיקן קיין אוקראַינע. און צו די האָלענדער האָט ער געטון נאָך זאָגן, אַז זיי דאַרפן אויף די יידן קיין רחמנות נישט האָבן, ווייל ער טוט מיט זיי גאָרנישט. ער שיקט זיי נאָר צוריק אין די לענדער פונוואַנען זיי זענען געקומען. אַי וואָס זיי טאָרן מיט זיך גאָרנישט מיטנעמען, האָט ער דאָס אוועקגעמאַכט מיט דער האַנט זאָגנדיק, אַז די יידן זענען געקומען אין די מערב־לענדער אָרעמע לייט און ווי אָרעמע לייט וועלן זיי אוועק. און נאָך האָט ער געזאָגט, אַז דער גורל פון די יידן וועט דאָרט (אין אוקראַינע) זיין זייער אַ שווערער.

ווען מיר האָבן געלייענט די דאָזיקע רעדע האָבן מיר שוין געוווּסט, אַז עס איז אויס מיט אונדזער האָפנונג. ווייל פריער האָבן מיר גערעכנט אַז דאָס שלעכטס וועט זיין באַגרענעצט נאָר צו אַמסטערדאַם, היות די דאָזיקע שטאָט

איז שוין לאַנג פון אַמאָל א מקום מוכן לפורעניות.

פון דעסטוועגן האבן מיר נאך נישט אויפגעהערט צו האָפן, אז מיט ג״טס הילף וועלן מיר אויסגעלייזט ווערן איידער מיר וועלן זיין געגייט צו פארן, אבער אונדזער האפנונג איז נישט דערפילט געווארן.

די דייטשן האָבן דעמאָלט געהערשט כמעט אין גאַנץ אייראָפּע. די איינציקע מדינות וואס זענען נאך געבליבן נייטראל זענען געווען: שווייץ, שוועדן, שפּאַניע און פּאָרטוגאַל. די איבעריקע לענדער זענען געווען אָקופּירט אָדער דורך דייטשלאנד, אדער דורך איר פארבינדעטע איטאליע. נאָר איין אָקופּירונגס אָרט איז געווען, און דאס איז דער טייל פראנקרייך, וואס איז נאך נישט אקופּירט דורך די דייטשן. אויב מענטשן האבן געהאט א סך געלט און נישט געוואלט פארשיקט ווערן קיין אוקראינע, זענען זיי אנטלאפן פון האָלאנד אין איינעם פון די נייטראלע לענדער. אויך מיין פאטער, וואס האט געלט, האט נישט געוואלט פארשיקט ווערן אין דעם דורך די דייטשן באשטימטן אָרט. דעריבער האָט ער זיך אינטערעסירט וועגן איבערגיין די גרענעץ. ער איז שוין געווען אין ראָזענדאל, די גרענעץ־שטאט, ווען מיין מאמע האט דערהאלטן די בריוו צו קומען מארגן עלף ביינאכט צו דער סטאציע. איך בין שוין געהאט געפאַרן דעם טאָג קיין ראזענדאל.

ווען מיין פאטער איז געווואר געווארן, אז די מאמע האט דערהאלטן די „פאפירן“, (זי האט אים מודיע געווען דורכן טעלעפאן זאגנדיק, אז זי האט שוין דערהאלטן די איינלאדונג אויף דער חתונה), איז שוין געווען האלב צען אין אוונט. תיכף צומארגנס האט ער געשיקט קיין האג דריי פרויען זיי זאלן איבערפירן די מאַמע, מיין ברודער און מיינע שוועסטער קיין ראזענדאל. די רייזע מיט ׳ער באן איז דעמאלס געווען זייער געפערלעך, ווייל די דייטשן האָבן דאָס געהאַט פאַרווערט *. און ווער עס האָט זיך דאָך אָנגענומען מיט מוט און איז פון דעסטוועגן יא געפארן מיט דער באן און מען האט אים געכאפט, דער איז פארשיקט געווארן אין איינעם פון די קאנצענטראציע־לאגערן, וואס פון דארט איז שוין נישט געווען די מינדעסטע האפנונג ארויסצוקומען א לעבעדיקער. אויך פון א צווייטער זייט איז דאס געווען זייער שווער, ווייל אונדזער משפחה ציילט ניין נפשות, מיין פאטער, מיין מאמע, פינף שוועסטער, מיין קליינער ברודער און איך. אָבער מיט ג״טס הילף זענען מיר אלע אנגעקומען בשלום נאך ראָזענדאל. דארט האט דער טאטע געמוזט זארגן וועגן ערטער צו נעכטיקן פאר אונדז. נאך א סך מי איז אים געלונגען פאר אונדז אלע צו געפינען ערטער. איך דארף דא באמערקן, אז די דייטשן האבן געהאט פארווערט צו געבן די יידן אן אָרט צו נעכטיקן.

אין דעם אוונט, ווען מיר האבן באדארפן פארן *, זענען מיר אלע געווען אין ראזענדאל. דאס איז געווען אין א מאָנטיקדיקן טאָג. דעמאלט האט זיך אנגעהויבן א זוכעניש נאך מענטשן, וואס זאלן קאנען איבערפירן פון איין זייט גרענעץ אויף דער צווייטער. דאס דאזיקע זוכעניש האט זיך פארצויגן ביז פרייטיק, און עס האט זיך מיין טאטן נאך אלץ נישט געהאט איינגעגעבן צו געפינען אַזאַ מענטש. צום סוף האָט דער טאַטע געהערט איינעם פון זיינע דארטיקע באקאנטע וועלכער האט אים געזאגט, אז ער ווייסט פון א

---

* פאַרשטייט זיך, אַז פאַרווערט איז דאָס געווען נאָר פאַר יידן (י. ה.)

* פארן — מיינט דער מחבר, פארן ווייטער איבער דער גרענעץ. (י. ה.).

וועג וואָס דאָרט שטייען נישט קיין פּאָליציאַנטן. איך און מיין עלטסטע שוועסטער זענען געפאָרן די ערשטע. מיר זענען ארויס פון ראָזענדאל פרייטיק דריי א זייגער. ג־ט האט באגליקט אונדזער וועג און נאך א רייזע מיט וועלאָס און דערנאך מיטן טראַמוויי און דערנאך מיט דער באן האבן מיר דערגרייכט בריסעל, די הויפּט־שטאט פון בעלגיע. אין דער דאזיקער נאכט איז אויך מיין מאמע מיט מיין קליין ברודערל איבערגעגאנגען די גרענעץ. פאר מיין מאמען מיטן ברודערל איז דעם טאַטן געלונגען צו געפינען א פרוי וואָס זאָל זיי פירן. די דאָזיקע זאַך האָט געקאָסט 1800 גולדן. זונטיק איז אויך דער טאַטע מיט מיינע דריי שוועסטער אַריבער די גרענעץ, און אַזוי זענען מיר זונטיק געווען אַלע, אַ חוץ מיין קליינער שוועסטער, אין בריסעל. די שוועסטער איז געקומען קיין בריסעל אין אַנדערטהאַלבן וואָכן אַרום.

אין אנפאנג איז אונדז געווען זייער שווער צו געפינען אן ארט צו שלאָפן. מיין גרויסע שוועסטער, אסתר, מיט דער יינגערער פון מיר שוועסטער און איך זענען מיר געשלאפן ביי א פאבריקאנט, וואס פלעג פארקויפן מיין טאטן א סך זאכן פאר זיין געשעפט. מיין טאטע מיט דער מאמען זענען געשלאפן ביי אַן אַנדערן באַקאַנטן, און מיינע אַנדערע שוועסטער זענען געשלאָפן ביי א געוויסן מענטש, וועלכן מיין טאטע האט קיינמאל נישט געקענט. נאך א געוויסער צייט האבן מיינע עלטערן שוין נישט געהאט קיין ארט ביי דעם באקאנטן, ווייל זיין פרוי האט באדארפט אויפנעמען די שוויגער, וועלכע האט דארט געזאלט קומען און בלייבן עטלעכע טעג, איז דעריבער נישט געווען דארט קיין ארט פאר מיינע עלטערן. אויך האט דער פאבריקאנט נאך א קורצער צייט אָנגעהויבן מורא האָבן, ווייל, ווי ער האָט דערציילט מיין טאטן, זענען געקומען צו אים מענטשן און געזאגט, אז אין גאס ווייסט מען דאס ביי אים האלטן זיך אויף יידן.

דעמאלס האט זיך ווידער אנגעהויבן די זארג וועגן נעכטיקן און נאך זייער א סך מאטערנישן און נאָך א סך פארשידענע ערטער וואו מיר האבן גענעכטיקט, האבן מיר ענדלעך זיך דערשלאגן צו א שטיקל הויז אין וועלכן מיין טאטע האט זיך געקאנט באזעצן נישט דארפנדיק זיך רעגיסטרירן אין דער שטאט־פארוואלטונג.

כאָטש בעלגיע איז אויך געווען אָקופּירט דורך די דייטשן, האבן מיר דא נישט אזוי מורא געהאט ווי אין האָלאנד. ווייל דאָ האט קיינער וועגן אונדז נישט געוווסט, (א חוץ עטלעכע באקאנטע יידן). דעריבער האבן מיר נישט מורא געהאט ארויסצוגיין אין גאס אָן א „שטערן” (דער שאנד־צייכן), און צו טון אנדערע זאכן, וועלכע זענען פאר יידן געווען פארווערט. אין דער מלחמה, וועלכע מיר לעבן איצט איבער איז כמעט נישט מעגלעך צו קויפן א ואך אָן קופּאָנען וואָס זענען באַשטימט אויף צו באַקומען די זאַך. למשל פאַר ברויט, מוז מען געבן א ברויט־קופּאָן, פאר קאפע — — א קאפע־קופּאָן, פאר זייף — — א זייף־קופּאָן א.א.וו.א.א.וו. אויך האט יעדער איינער מענטש א קארטע אויף וועלכער ס'איז אויפגעשריבן, ווער איז דער דאזיקער מענטש, וואס איז זיין טוען, וואו וווינט ער און נאך אזעלכע פראגעס. ווען מען פרעגט

אין גאס אויף אזא קארטע און מען האט זי נישט, נעמט מען דעם מענטש תיכף אין דער פאליציי. ס'איז דעריבער פארשטענדלעך, אז עס איז א גרויסע סכנה צו גיין אָן אזא פאפיר. דעריבער האט מיין טאטע זיך אנגעהויבן זייער באמיען זיך צו פארעגיסטרירן אין שטאָט־פארוואלטונג.

פארשטייט זיך, אז עס איז נישט מעגלעך סתם צו גיין אין דער שטאט־פארוואלטונג און זאגן: „כ'בין דאָ". דעמאלס וועט זיכער דער מענטש, וואס פאַרנעמט זיך מיט רעגיסטרירן די מענטשן וואָס זענען געקומען פון אַן אנדער שטאט, אדער פון אַן אנדער לאנד, פרעגן: ווי אזוי זענט איר אהער געקומען, גיב מיר נאר אויף א רגע א קוק צו טון צי דו האסט דעם סטעמפל אויף דיין פאספאָרט. דעריבער האט זיך מיין טאטע געוואָנדן צו א פארמיטלער וועמענס נאמען ער האט באקומען פון א געוויסן מענטש. דער דאזיקער פאַרמיטלער האָט פאַר אונדז דערליידיקט דעם ענין און מיר האָבן באַקומען אַ דערלויבניש צו וווינען דריי חדשים אין בעלגיע. פארשטענדלעך, אז די דאזיקע זאך האט געקאסט א סך געלט, אבער דער טאטע האט זיך נישט גערעכנט מיטן געלט. ער זאגט שטענדיק: „א כפרה דאס געלט".

אזוי וווינען מיר אין בריסעל. איך גיי ארום א גאנצן טאג ליידיק, האב נישט וואס צו טון. מיט עטלעכע וואכן צוריק האב איך זיך פארשריבן אין א העברעאיש־יידישער ביבליאָטעק. איך נעם איצט צו לייענען פאַרשידענע העברעאישע ביכער, אבער דאס אלץ באפרידיקט אינגאנצן נישט מיין גייסט. איך פיל, אַז איך גיי אַראָפּ וואָס נידעריקער און נידעריקער. איך האָב שוין געפרווט לערנען תנ"ך. (איך האב מיט זיך מיטגעברענגט א קליינעם תנ"ך אָן שום פירוש, וועלכן איך האב געקריגן פון מיינעם א באקאנטן אין האָלאנד). אבער דאס קאן נישט קאנצענטרירן מיין געדאנק. איך וועל זיך באמיען צו בארגן א גמרא. צוליב דעם ווייל איך גיי ליידיק, האב איך מיר געמאכט דעם דאזיקן העפט צו פארצייכנען אין אים טאג־טעגלעך אלץ, וואס איך האב געטון און וועגן וואָס איך האָב געטראַכט, און אַזעלכע ענלעכע זאַכן. אַזוי ארום וועל איך יעדן אוונט קאנען אפגעבן א דין וחשבון פאר זיך אליין, וואס איך האב געטון אין משך פון גאנצן טאג, מיט וואס איך האב זיך באשעפטיקט און מיט וואס דער טאָג איז מיר פארביי. נאך דער דאזיקער הקדמה הייב איך מארגן אָן.

26 נאָוועמבער 1942

פון דעם דאזיקן מאָרגן איז געווארן איבערמאָרגן. איך וועל זאגן דעם אמת, נעכטן האב איך נישט געהאט די „העזה" אפצוגעבן זיך א דין וחשבון פון דעם וואָס איך האָב דעם טאָג געטון. ווייל כ'האָב נישט געטון דאָס מינדעסטע. אויב איך זאג נישט געטון, מיין איך, אז איך האב גארנישט געטון פאר דער פארבעסערונג פון מיין נשמה, פאר דער דערהויבונג פון מיין גייסט. יאָ, איך האָב געלייענט אַ טייל פון א דערציילונג פון ש. י. עגנון איז דער „תקופה". די דערציילונג הייסט: „דער פארשטויסענער". אָבער איך האב דארט גארנישט געפונען אַזעלכעס, וואָס זאָל מיך גייסטיק דערהייבן. נאָר מיינע ידיעות וועגן

חסידות האבן זיך אביסל פארגרעסערט און פארברייטערט. אבער דאס איז גאָרנישט. איך האָב נעכטן אָנגעהויבן לערנען מיינע שוועסטער פראַנצויזיש. ווי באַוווּסט, רעדט מען דאָ, אין בריסעל, אַ סך פראַנצויזיש. (איך מיין, אַז מען רעדט דא א סך מער פראנצויזיש ווי האָלענדיש). צוליב דעם און אויך דערפאר וואָס מיינע שוועסטער טאָרן נישט אַרויסגיין אין די שעהן ווען אַנדערע קינדער גייען אין די שולעס, און איך דארף זיי איינהאלטן רואיק, האט מיך די מאמע געהייסן לערנען מיט זיי פראנצויזיש, לויט מיינע מעגלעכקייטן. מיט דעם האב איך אויסגעפילט א העלפט טאָג, אין דער צווייטער העלפט, האב איך זיך אביסל אַרומגעצאַנקט מיט מיינע שוועסטער און אויך אביסל געלייענט אין דער „תקופה“.

דאס דאזיקע בוך, וועגן וועלכן איך האב שוין אויבן דערמאָנט, האב איך געבאָרגט אין א ביבליאטעק. אין בריסעל איז פאראן א העברעאיש־יידישע ביבליאָטעק, וואָס געהער צו דער קהילה. דעם אַדרעס פון דער ביבליאָטעק האט מיך טאטע באקומען פון איינעם, וואס געפינט זיך אויך דאָ. ווען דער טאָטע האָט מיר געגעבן דעם אַדרעס בין איך צו אים צוגעפאלן, ווי איך וואָלט געפונען אַ גרויס פאַרמעגן, ווייל איך וואָלט נישט געהאַט וואָס צו טון און נישט וואָס צו לייענען, ווען איך געפין נישט, אָדער בעסער, ווען מיין טאָטע געפינט נישט, דעם אַדרעס פון דער דאָזיקער ביבליאָטעק. דאָרט באָרג איך יעדן זונטיק העברעאישע ביכער צו פאַרגרעסערן דורך דעם מיין קענטניש פון העברעאיש און אויך מיין אַלגעמיין וויסן. איך האָב שוין איבערגעלייענט עטלעכע ביכער, ווי, „דער העברעאישער סטיל“, איין טייל פון אלע לידער פון ד. פרישמאן, צוויי טיילן פון אלע שריפטן פון דעם דאזיקן שרייבער, און נאָך. ווען איך בין געווען מיט עטלעכע וואכן צוריק אין דער ביבליאטעק, האב איך דארט געטראפן א העברעאישן לערער, וועלכער האט פריער געלערנט אין א העברעאישער שולע אין בריסעל, אבער צוליב דער שלעכטער לאגע, איז שוין נישט דאָ געגוג תלמידים פאר דער שולע. א סך קומען נישט, ווייל זיי זענען שוין גענומען (געכאפט) געוואָרן דורך די דייטשן, און א סך — ווייל זיי האבן מורא מען זאל זיי נישט כאפן. דער דאזיקער לערער האט מיר אנגעוויזן אויף דער ה„תקופה“. דאָס איז א פערטל־יאָר־שריפט (זי איז דערשינען פיר מאָל אין יאר), וועלכעס עס האט ארויסגעגעבן י. ס. שטיבל אונטער דער רעדאקציע פון ד. פרישמאן. פון דעם דאזיקן פערטל־יאָר־שריפט איז אין דער ביבליאטעק פאראן ביי זעכצן בענדער. פאראן אין די ביכער א סך אינטערעסאנטע זאכן, ווי אין דער פערטער טייל, וועלכער איך לייען איצט. איך האָב דאָרט געפונען א מאמר פון ש. בערנפעלד וועגן איוב. איך האָב נאָך נישט געענדיקט די טייל, אָבער ווי עס ווייזט זיך מיר אויס זענען דארט פאראן נאָך אינטערעסאנטע זאכן.

היינט, ד. ה. דעם 26־טן נאָוועמבער 1942, האָב איך ווידער געלערנט מיט מיינע שוועסטער. פאר דעם האב איך געלייגט תפילין. נאכדעם ווי האב

געלערנט מיט מיינע שוועסטער, האב איך שוין מער גארנישט געטון, א חוץ דעם וואָס איך האָב געגעסן, געלייענט אין דער „התקופה" און געשפּילט אין קארטן. נו, האב איך היינט אויך קיין סך נישט געטון, אבער איך האָף אז מאָרגן וועל איך קריגן פון אַ געוויסן מענטש א גמרא. אין דער אמתן האָב איך שוין היינט באדארפן קריגן א גמרא פון א געוויסן שוחט. מיין פאטער איז היינט צו אים געגאנגען און איך האב אים געבעטן ער זאל מיר ברענגען פון שוחט די גמרא חולין. אָבער ווי איך האָב געקאָנט פאָרויסזען, דאַרף דער שוחט אַליין די גמרא, דעריבער האט מיין טאטע מיר גארנישט געברענגט. אבער אינגיכן וועל איך אפשר קריגן פון אן אנדער מענטש די גמרא חולין, און אויב נישט, וועל איך באָרגן ביים שוחט אַן אַנדערע גמרא.

היינט איז געווען געשריבן אין צייטונג, אז דער מצב פון די דייטשן אין רוסלאַנד איז נישט אַזאַ גוטער. די רוסן האָבן געמאַכט אַ גרויסן אַנגריף אויף דרום צו סטאַלינגראַד. אפשר וועט דאָס זיי געלינגען און דער אייבערשטער וועט אונדז אויף דעם אופן אויסלייזן פון דעם גרויסן אומגליק אין וועלכן מיר געפינען זיך היינט. מיר דאכט זיך, אז עס איז שוין געקומען די צייט אויסגעלייזט צו ווערן. אויב דער אייבערשטער וויל נאך מציל זיין עפּעס פון די יידן וועלכע זענען געפאנגען געווארן פון די דייטשן, איז איצט די צייט זיי מציל צו זיין, ווארעם טאמער וועלן זיי דארפן בלייבן איבערן ווינטער אין רוסלאנד, דעמאלס, זעט מיר אויס, וועלן חס ושלום קיין סך פון זיי נישט קאנען בלייבן ביים לעבן. ווייל כאטש זיי זענען געגאנגען פון אייגענעם ווילן, האָבן זיי נישט געקאָנט מיט זיך מיטנעמען גענוג דעקן אויף צו דערוואָרעמען זייערע קערפּערס אין דער פאָרכטיקער רוסישער קעלט.

מיר זענען באמת אין א גרויסער צרה. די צרות זענען שוין א סך מער ווי די זינד אונדזערע, און אין דער אמתן, וואס פארא אנדערע כוונה האט דער אייבערשטער געקאנט האבן מיט דעם וואס ער פארמיידט נישט פון אונדז די דאזיקע צרות. איך בין זיכער, אז דורך די אומגליקן וואס וועלן נאך קומען, וועט אפילו קיין איין ייד נישט חוזר בתשובה זיין. פארקערט! מען קאן אננעמען, אז זעענדיק די גרויסע צרות, וועלן זיי טראכטן אז עס איז נישטא קיין ג־ט אויף דער וועלט, אנדערש וואלט ער נישט דערלאזט אזוינס צו טון מיט זיין אויסדערוויילט פאלק. דאס האב איך שוין געהערט פון א סך מענטשן. און אין דער אמתן, וואס פארא כוונה האט דער אייבערשטער געקאנט האבן מיט דעם אלעם וואס געשעעט מיט אונדז אין דער דאזיקער מוראדיקער צייט? מיר שיינט, אז איצט איז שוין געקומען די צייט פון דער גאולה, דאס הייסט, אז מיר זענען שוין, מער אדער ווייניקער, ווערט אויסגעלייזט צו ווערן. (מארגן וועל איך ווייטער ממשיך זיין מיטן אויפקלערן די דאזיקע פראגע. איך בין שוין איצט זייער שלעפעריק. נאך האלבער נאכט איז עס שוין).

30 נאָוועמבער 1942

דאָס וואָס איך האָב געטראַכט, האָב איך נישט געקאָנט מקיים זיין דעם מארגן און אויך נישט איבערמארגן. אפילו נאך דריי טעג האב איך אויך נישט ממשיך געווען מיין שרייבן. אויך איצט (נאָך פיר טעג) האב איך נישט געטראכט, אז איך וועל אנהויבן שרייבן, ווייל איך האב שוין אזוי פיל איבערגעריסן. אָבער דאָך האָב איך זיך געשטאַרקט און איך האָב באַשלאָסן אז איך וועל נישט זיין אזוי שוואך און נאכגיביק, און דעריבער פיר איך ווייטער דאס, וואס איך האב אנגעהויבן. איצט האף איך, אז איך וועל נישט איבערייסן יעדעס מאל, נאר מיט ג־טס הילף וועל איך יעדן אונט שרייבן, דאס וואס איך האב אויבן געשריבן. איצט קום איך צוריק צו דער פראגע און איר באשייד אזוי ווי איך האב זיי געשטעלט אויבן: וואס קאן דער הקב״ה מיינען מיט די אלע צרות וואס קומען אויף אונדז אין די דאזיקע שרעקלעכע טעג און ער מיידט זיי נישט אויס פון אונדז. די דאָזיקע פראַגע פאָדערט ציערשט אַן ענטפער אויף אַ מער אַלגעמיינער פראַגע. די פראַגע איז, צי זענען די צרות, וואס גייען אויף אונדז איצט איבער, א חלק פון די צרות וואס זענען שוין אריבער איבער אונדז זייט דעם אנהויב ווי מיר זענען ארויס אין גלות, אדער זענען די איצטיקע צרות אנדערע און אנדערשדיקע אינגאנצן פון אלע די צרות, וואס זענען אדורך איבער אונדז ביז איצט. לויט מיין מיינונג זעט מיר אויס, אז די צווייטע אויפקלערונג איז די ריכטיקע, ווייל עס איז מיר באמת שווער צו גלייבן, אז דאס אלץ וואס מיר זעעןביים היינטיקן טאג איז נישט מער ווי א טייל פון א לאנגער קייט פון צרות. ערשטנס איז מיר שווער אין דעם צו גלייבן צוליב דעם גרויסן איינדרוק וואס עס מאכן אויף מיר די גזירות און רדיפות. אבער איך האב שוין וועגן דעם געטראכט, אז אפהענגיק מאַכן דעם באַשייד פון אַזאַ וויכטיקער פראַגע בלויז פון איינדרוק — איז זייער שווער. ווייל עס איז דאך קלאר און זיכער, אז די רדיפות אין שפאניע, למשל, און דער גירוש פון דארט, אדער די גזירות ת״ח אדער אנדערע צרות, האבן דאך אויך געמאכט א גרויסן רושם אויף די קינדער פון אונדזער פאלק אין זייער צייט. און אפשר איז דער איינדרוק וואס די צרות האבן דעמאלס אויף זיי געמאכט געווען גרעסער פון דעם רושם וואס אונדזערע צרות מאכן היינט אויף מיר, ווייל דאָס קאָן מען זען פון די פאַלשע משיחים וואָס זענען דעמאלס אויפגעשטאנען, און ד. גל. אבער מען דארף זאגן, אז דער איינדרוק דעצידירט נישט און קלערט גארנישט אויף. עס איז פאראן אמאָל א זאך, וואס אין זיין ווערט איז עס זייער קליין, אבער דער רושם וואס עס רופט ארויס איז זייער גרויס. און עס קאן אויך זיין פארקערט. אזוי איז עס למשל מיטן קריסטנטום, וואס אין אונדזער אויגן איז עס א פוסטע זאך, אבער עס האט געמאכט אן איינדרוק אויף אזוי פיל גרויסע מענטשן, ווי שרייבער, דיכטער א.א.וו. דעריבער דארף מען גיין אויפן וועג פון פארטיפן זיך אין זייערע צרות

און אין אונדזערע, דאס הייסט, מען דארף זיך באמיען מיטן שכל באנעמען דעם אונטערשיד צווישן זיי. ראשית כל זעען מיר, אז זייערע צרות זענען שטענדיק געווען לאקאלע. אין איין אָרט האט מען די יידן זייער און זייער גערודפט, אין אויף א צווייט אָרט זענען זיי געזעסן אין מנוחה און אין שלוה.

אָבער איבערוויגנדיק איז דער צווייטער חילוק, און דאָס איז, די אָפיציעלקייט מיט וועלכער עס ווערן באגלייט די איצטיקע צרות אונדזערע, און די ארגאניזאציע וואס מען ארגאניזירט צו באשווערן אונדז די יידן וואס אמאל מער און מער. דער דאזיקער חילוק רייסט ממש די אויגן. און נאך א פרט אין דער דאזיקער אויפירונג איז דאס, אז די דייטשן באמיען זיך מיט גארנישט צו מאטיווירן די רדיפות אויף אונדז, אזוי ווי דאס האבן למשל געטון די שפאניער, וואס זיי האבן מאטיווירט דאס רודפן אונדז צוליב אונדזער אמונה. אבער ביי די דייטשן זעען מיר נישט קיין שום ריכטיקן פרווו אנצוגעבן א מאטיוו פאר די רדיפות מיט וועלכע זיי פארפאלגן אונדז, נאר סתם ווייל מיר זענען יידן. דאס וואס מיר זענען געבוירן געווארן יידן איז פאר זיי גענוג און איבערגענוג אנצוהענגען דערין אלע פארפאלגונגען און אלע צרות.

צו דער ערשטער אויפקלערונג קאנען מיר נאך דאס צוגעבן, אז אין דער איצטיקער צייט איז באמת דער כלל ישראל געטראפן געווארן פון דעם אומגליק. (כלל ישראל איז דער רוב ישראל). מיט א משל קאן מען דאס זייער גוט געבן צו פארשטיין. גאָר אמאל, אין מיטלאלטער, ווען פיינט האבן באלאגערט א שטאט, האבן זיי געשלאגן אין איר מיט כל מיני פייערן און געווארפן שטיינער אין איר, אויך פרובירט אויפצוברעכן אירע מויערן מיט גרויסע און שטארקע שטאנגען, און פעסטע און העלדישע מענטשן האבן גענומען דעם שטאנג אין די הענט אריין און אנגעהויבן האקן אין דער מויער. די מענטשן וואס האבן אין יענער צייט געזען די דאזיקע זאך, האבן אויפריכטיק געמיינט, אז מער פעסטקייט און מער קראפט איז שוין נישט מעגלעך. און ווען א וועלכע עס איז צענדליק מענטשן זענען נאָך צוגעשטאנען העלפן צושטערן די מויערן, דעמאָלט איז שוין די מענטשלעכע קראפט דערגאנגען צום הויך־פונקט, צו וועלכן עס איז נאר מעגלעך צו דערגיין. אבער אין אונדזער צייטן זעען מיר, אז אפילו א קליין קינד האט אויך דעם כוח צו צעשטערן א גאנצע שטאָט. מען דאַרף נאָר נעמען אביסל דינאמיט און באהעפטן עס מיט עלעקטרי, און דעמאלס איז גענוג זיך צוצורירן מיט איין פינגער, אז די שטארקסטע מויער זאל צושטערט ווערן אין איין רגע. אזוי איז עס אויך מיט אונדזערע ליידן אמאָל און היינט. אויך דאָן, למשל אין דער צייט פון די קרייץ־צוגן, האט מען געמיינט אז מער ווי זיי טוען אונדז איז שוין נישט מעגלעך. אבער היינט טוט מען אָן א שווערד און אָן געווער טויזנט מאָל הארבערע זאכן ווי מען האט געטון דעמאלס. די סיבה פארוואס דאס איז מעגלעך איז די, ווייל היינט טוט מען אלץ לויט א באשטימטער ארדנונג.

מען ארדנט און מען ארגאניזירט. מען ארגאניזירט און מען ארדנט, ביזוואנע איינער פון טויזנט וועט אפשר קאנען אנטרינען, זיך אויסבאהאלטן א. דגל. און פאַרוואָס קאָן ער דאָס אַלץ איינאָרדענען און אין די אמאָליקע צייטן איז דאס נישט מעגלעך געווען. די סיבה דערפון איז, און דאָ קומען מיר צוריק צום צווייטן, דעם עיקרדיקן באַשייד, ווייל ביי אים גייט אַלץ אויפן אפיציעלן אופן, אלץ ביי אים איז געזעץ. מען באשולדיקט לויט די געזעצן. אזוי ווי עס איז פארבאטן צו גנבענען, אזוי איז א מצוה זיך צו יאגן נאך יידן.

פון דעם אלעם וואס איז אויבן געשריבן זענען מיר איבערצייגט, אז עס איז פאראן באמת אן אונטערשיד צווישן די אלע צרות וואס זענען אדורך איבער אונדז זייט מיר זענען אַריין אין גלות און די צרות פון דער איצטיקער פאַרכטיקער צייט. און דעריבער, ווייל זיי זענען פארשידן, האט א זין צו פרעגן: פארוואס מיידט זיי ג־ט פון אונדז נישט אויס לכל הפחות, אדער פארוואס לאזט ער אונדז להיפוך, פארפאלגן און אונדז באדריקן? און וואספארא רעזולטאטן קאנען ארויסקומען פון די דאזיקע צרות?

דער תירוץ אויף דער דאזיקער פראגע זעט מיר כלל נישט אויס צו זיין שווער. ווי באוווסט זענען מיר פארטריבן געווארן פון אונדזער לאנד צוליב די פיל זינד וואָס מיר האָבן געזינדיקט. דעריבער, אויב מיר ווילן תשובה טון דארפן מיר תשובה טון מיט א גאנצער תשובה, און דעמאלס וועלן מיר זיך קאנען צוריקקערן אין אונדזער לאנד. אבער אז מיר וועלן נישט תשובה טון דאס האט שוין פארויסגעזען דער נביא, און דעריבער האט ער געזאגט, דאס אין משיחס צייטן וועלן מיר נישט צוליב אונדזער צידקות אויסגעלייזט ווערן, נאר צוליב די זינד פון אונדזערע פיינט און דורך די פייניקונגען וואס זיי פייניקן אונדז (ווי אין מצרים). און עס איז געווען באמת גענוג און איבערגענוג דאָס, וואָס דער אייבערשטער האָט נישט אויסגעמיטן פון אונדז די אלע צרות וואס זענען אדורך איבער אונדז ביז היינט.

עס איז אבער פאראן נאך א שווריקייט, און די שוועריקייט איז, אז אויב מיר וועלן שוין קאנען אויסגעלייזט ווערן צוליב די סך צרות וואס מיר זענען אדורכגעגאנגען, איז פאראן א סכנה אז די יידן אליין וועלן נישט וועלן אויסגעלייזט ווערן, ווי כ׳האָב שוין א סך מאָל געהערט פון מיינע באקאנטע ווען איך האב זיי געפרעגט: וואס מיינט איר וועט זיין נאך דער מלחמה? כמעט שטענדיק האב איך באקומען דעם זעלבן ענטפער, אז ווען די מלחמה וועט זיך ענדיקן וועט אלץ צוריקגיין צום אמאליקן סדר. מיר וועלן ווידער בלייבן צווישן די פעלקער צווישן וועלכע מיר האבן זיך באזעצט, דאס לעבן וועט גיין אזוי ווי עס איז געגאנגען און אלץ וועט זיין אזוי ווי פריער. אבער ג־ט וויל דאס נישט, דעריבער האט ער זיי ארויסגענומען פון זייערע הייזער און פון זייערע שטעט (אין וועלכע זיי זענען פריער געזעסן) און איצט ווילן זיי שוין

מיטן גאנצן הארץ צוריקגיין אין אונדזער הייליקן לאנד, ארץ ישראל.

דעריבער איז צו האפן, אז ווייל דער רוב יידן ווינען שוין נישט אויף די ערטער ווו זיי האבן געווינט פריער, און די מערהייט פון זיי וויל שוין אויסגעלייזט ווערן, איז שוין באמת געקומען די צייט פון דער גאולה. און מיט ג־טס הילף וועלן מיר בקרוב אויסגעלייזט ווערן. נאך אפשר דעם קומענדיקן חנוכה וועט אונדזער ג־ט מאכן דעם דאזיקן נס פאר אונדזער פאלק און וועט אונדז אויסלייזן און אונדז צוריקפירן אין אונדזער לאנד אריין. אבער עס איז דא נאך א קליינע זאך, וואס קאן דאס אלץ שטערן. נאר יועגן דעם וועל איך מיט ג־טס הילף שרייבן מארגן, ווייל איך בין באמת שטארק שלעפעריק (עס איז שוין איינס נאך האלבער נאכט), אבער איידער איך ענדיק וועל איך נאך אנשרייבן און בעטן ג־ט פון ישראל ער זאל בקרוב ממלא זיין די דאזיקע תפילה: קער אונדז צוריק צו זיך, ג־ט, און מיר וועלן זיך אומקערן. באניי אונדזערע טעג ווי גאָר אמאָל.

### אינדערפרי

דאס קלייניקייט וואס איך האב אויבן דערמאנט איז אזא: דער רוב יידן טראכטן אַז די גאולה און די ישועה הענגען אָפּ אין דעם נצחון אָדער אין דער מפלה פון ענגלאנד. און אז ענגלאנד יועט מנצח זיין, קאָן דער רוב יידן (אויך די וואָס ווילן אויסגעלייזט ווערן) זאָגן, אז נישט ג־ט האָט אונדז מציל געוועזן נאר ענגלאנד. און אויך ביי די גוים וועט מען אזוי זאגן. און דאס וואס איך דערמאן דא אויך די גוים איז, ווייל איך בין איבערצייגט פון דעם געדאנק, אז אויך פאר די גוים וועט עפעס ארויסקומען פון דער מלחמה. ווייל סוף כל סוף דארפן מיר וויסן און געדענקען, אַז כאָטש די גוים גייען מיך לחלוטין נישט אָן, אפילו נישט כהו זה, און אפילו ווען א מיליאָן פון זיי זאלן שטארבן אין איין טאג באַרירט עס מיך נישט און עס מאכט נישט אויף מיר דעם מינדעסטן איינדרוק, איז נישט געקוקט אויף דעם אלעם דארף מען פארט נישט פארגעסן, אז אויך די גוים האבן זייער א סך פארלוירן, הן אין מענטשן, הן אין אנדערע זאכן, ווי הייזער, שיפן אן א סוף און נאך א סך און א סך, און עס איז שוין געקומען די צייט אז זיי זאלן שוין עפעס לערנען פון די מלחמות וועלכע זענען געווען ביז איצט, און דער עיקר פון די לעצטע צוויי מלחמות וואס זענען געווען כמעט ווי איינע. און דעריבער טראכט איך, אז די מלחמה וועלכע מיר לעבן איצט איבער, וועט נישט אדורך מיט א נצחון פון איינעם פון די קריגערס, נאר מיט א נצחון פון ג־ט. נישט ענגלאנד און נישט אמעריקע, נאר דער ג־ט פון ישראל וועט ארויס דער זיגער פון דער דאזיקער מלחמה. און אַז דאָס וועט געשען, טראכט איך אַז פאַרן לעצטן זיג וועלן די דייטשן הערשן כמעט איבער אלע פראנטן, און אז מען וועט שוין באשיינפערלעך זען, אז זי האָט שוין כמעט געזיגט, דעמאָלט וועט ג־ט

געגעגען מיט זיין שווערד און וועט זיך נעמען דעם נצחון. עס איז פאר־שטענדלעך און עס איז פון זיך אליין קלאר, אז מיין גאנצע אנשויאונג וואס איך האב און וועלכע איך האב אויבן געשריבן איז א רעליגיעזע אנשויאונג. און איך גלייב אז מען וועט מיר דאס מוחל זיין, ווארעם ווען איך וואלט נישט געהאט קיין רעליגיע, וואלט איך באמת נישט געקאנט קומען אפילו צום מינדעסטן פון מינדעסטן באשייד פאר די אלע פראגעס וואס באפאלן מיך.

איצט וועל איך שרייבן עפעס וועגן מצב פון אונדזער הויז און פאמיליע. שוין באלד נאך דעם ווי מיר זענען אהער געקומען קיין בריסעל זענען געווען חילוקי דעות צווישן מיין מאמען און מיין טאטן, צי מיר זאלן בלייבן דא אדער פארן ווייטער. דער דאזיקער „ווייטער" איז אין אנהויב געווען די נישט אקופירטע טייל פון פראנקרייך. (איצט איז שוין גאנץ פראנקרייך אקופירט), און דערנאך די שווייץ, וועלכע געהער נישט צו די קעמפנדיקע צדדים נאר זי איז נייטראל, ווי בעת די ערשטע וועלט־מלחמה. מיין טאטע וואס האנדלט שוין צוואנציק יאר, אדער מער, מיט בעלגיע, און צוליב דעם איז ער כמעט יעדע וואך געווען אין בעלגיע, האט געזאגט אז עס איז בעסער מיר זאלן בלייבן דא ביזן סוף פון דער מלחמה און ביז די ישועה וועט קומען, וויל בריסעל איז א גרויסע שטאט און עס איז זיך נישט שווער דא אויסצובאהאלטן. א סך יידן באהאלטן זיך דא אויס און זיי גייען נישט נאך מאלין, דאס קאנצענטראציע ארט פון די געכאפטע יידן וואס וועלן אוועקגעשיקט ווערן קיין רוסלאנד. און א חוץ דעם וואס עס איז זיך דא נישט שווער אויסצובאהאלטן, קאן מען זיך דא אויך פארעגיסטרירן אין דער שטאט־פארוואלטונג און דאן באקומט מען א פאפיר, צי א באשייניקונג, אז מיר פארבלייבן דא א באשטימטע צייט.

אין דער צייט ווען מיר זענען אהער געקומען איז שוין נישט געווען רואיק אין דעם טייל פראנקרייך, וועלכער איז נישט געווען אקופירט דורך די דייטשן. וויל לאוואל איז געווארן פרעמיער־מיניסטער און ער איז א גרויסער גערמאנאפיל און דורך דעם איז ער אויך פארשטענדלעך א גרויסער שונא ישראל. דעריבער האט דער טאטע באשלאסן, און די מאמע האט זיך נישט שטארק קעגנגעשטעלט, אז מיר זאלן בלייבן דא אין בריסעל און זען וואס עס וועט זיין און וואס עס איז דא צו טון. און ווייל עס איז א גרויסע סכנה צו גיין אין גאס אן א באשייניקונג פון דער שטאט־פארוואלטונג, האבן די עלטערן באשלאסן, אז מיר וועלן פרווון זיך פארעגיסטרירן אין דער שטאט־פארוואלטונג. די מאמע האט פאר דעם זייער מורא געהאט, ווייל זי האט געמיינט, אז די שטאט־פארוואלטונג פון בריסעל איז פארבונדן מיט א געוויסן דייטשן אמט, און ווען מיר וועלן קומען אין דער שטאט־פארוואלטונג זיך רעגיסטרירן וועלן דארט אויף אונדז ווארטן פאליציסטן און וועלן אונדז פארנעמען, ווי זיי פארנעמען אזוי פיל אנדערע יידן. אבער ווי עס ווייזט זיך ארויס איז נישט פאראן קיין פארבינדונג צווישן באאמטן פון דער אפטיילונג

פון דער שטאַט־פאַרוואַלטונג פאַר די ענינים פון איינגעוואַנדערטע און צווישן די דייטשן. און אפשר איז נישט דאָס די סיבה צוליב וועלכער מען האָט אונדז גאַרנישט געפרעגט ווען מיר זענען געקומען זיך פאַרעגיסטרירן אין דער שטאַט־פאַרוואַלטונג פון בריסעל, נאָר די סיבה איז די, וואָס מיין טאַטע האָט געגעבן אַ סך געלט (פופציק טויזנט פראַנק) צו אַ געוויסן פאַרמיטלער, וועלכער האָט פאַר אונדז דערלעדיקט דעם ענין.

בקיצור, דעם 9־טן סעפּטעמבער, זענען מיר, דער טאַטע, די מאַמע, מיין גרויסע שוועסטער און איך, געגאַנגען אין דער שטאַט־פאַרוואַלטונג פון בריסעל זיך צו פאַרעגיסטרירן און מיר האָבן אַלע באַקומען צייגענישן מיטן רעכט צו פאַרבלייבן אין בריסעל דריי חדשים. און איצט לויפן אָפּ די דריי חדשים און דערנענטערן זיך צו זייער ענדע. און די עלטערן רייסן זיך איצט ווידער אַרום און קריגן זיך וועגן דעם, צי זאָלן מיר פאָרן ווייטער אָדער בלייבן דאָ. און ווידער איז געגעבן געוואָרן דעם פאַרמיטלער אַ גרויסע סומע געלט ער זאָל זיך באַמיען פאַרלענגערן אונדזער אויפנהאַלטס־רעכט. די מאַמע וויל פאָרן ווייטער אין דער שווייץ און דער טאַטע וויל בלייבן דאָ. אין צווישנצייט האָבן די דייטשן אָקופּירט דעם טייל פראַנקרייך, וועלכער איז ביז איצט נישט געווען אָקופּירט (פאַר אייניקע טעג איז אויך אָקופּירט געוואָרן טולאָן, וועלכע איז ביז איצט געווען פריי פון די דייטשן און צוליב דעם איז דערטרונקען געוואָרן אַ גרויסער טייל פון די פראַנצויזישע קריגס־שיפן, וועלכע זענען געווען אין טולאָן). אַזוי אַרום איז די שווייץ אינגאַנצן אַרומגערינגלט פון די צווי „אַקס" לענדער, פון דייטשלאַנד און איטאַליע. דעריבער איז איצט אַ גרויסע סכנה צו פאָרן אין דער שווייץ. ווי מיר שיינט, האָט שוין דער טאַטע ווידער געגעבן געלט (פינף און צוואַנציק טויזנט) דעם פאַרמיטלער ער זאָל פאַרלענגערן אונדזער אויפנהאַלטס־רעכט. און אַז דער אייבערשטער וועט העלפן, וועלן מיר ווידער קריגן באַשייניקונג,, און דאָס מאָל אויף זעקס חדשים. איך זאָג האָב איך פאַרגעסן. ווען מיר האָבן זיך פאַרעגיסטרירט אין דער שטאַט־פאַרוואַלטונג האָבן מיר באַקומען אויך שפּייז — און הלבשה־קאַרטן. ווען מיר וואָלטן זיך נישט געווען רעגיסטרירט, וואָלטן מיר געמוזט אַלץ קויפן אָן קופּאָנען און דאָס איז זייער טייער. ווען מען קויפט למשל ברויט אויף קופּאָנען קאָסט פיר פראַנק, און אָן קופּאָנען קאָסט עס ביי פערציק.

פּרי

נעכטן איז מיר גאַרנישט פאַרלאָפן אַזעלכס, וואָס עס זאָל ווערט זיין צו פאַרצייכענען. דער טאַטע מיט דער מאַמע קריגן זיך וועגן מסחר. מיין מאַמע וויל זיך נעמען האַנדלען, אָבער דער טאַטע וויל נישט, אַ חוץ דעם איז נישט פאַראַן קיין נייעס. איך האָב געליינט אַ מאמר פון ח. י. באַרענשטיין: דאָס

די ריסישע אפענסיווע אויפן מזרח־פראנט גייט ווייטער אָן. אבער עס זעט זיך מיר אויס, אז פון דער אפענסיווע וועט נישט ארויס קיין שום נוצן. אויף די אנדערע פראנטן איז נישטא קיין נייעס.

נעכטן איז מיר גארנישט פאַרלאָפן אזעלכס, וואס עס זאל ווערט זיין צו

מיט דער פארשטענדיקונג און רעכט פון „יד ושם", ירושלים

היינט איז ערב חנוכה. אבער מיט שיינט אז דער היינטיקער חנוכה וועט אדורך, ווי א סך אנדערע חנוכות, אָן א נס, צי מיט עפעס אזעלכעס וואס מען קאן גלייכן צו א נס.

נאך מיטאָג

נעכטן האב איך געליינט א גרויסן מאמר פון הלל צייטלין, וועגן דעם אורשפרונג פון מיסטיק ביי יידן. פון דעם מאמר האט מיך אמיינסטן פאראינטערעסירונג די מיטלסטע טייל ווו דער מחבר גייט אריין אין פילאָזאָפיע. איך האב היינט געוואלט אביסל שרייבן וועגן דעם. אינדערפרי האב איך באדארפן גיין אין באָד, און צוריקקומענדיק פון דארט האב איך געהערט וועגן פרישע צרות, נישט וועגן אזעלכע וואָס האָבן א שייכות צום גאנצן כלל ישראל, נאר בלויז צו אונדזער משפחה. דעריבער האב איך שוין איצט נישט קיין חשק צו שרייבן וועגן דעם וואס איך האב געוואלט. די פרישע צרות וואס האבן אונדז געטראפן זענען אזעלכע: ווען מיר זענען נאך געווען אין האג פלעגט אָפט צו אונדז קומען א מענטש פון שעווענינגען מיטן נאָמען ראָזענטאל. דער מענטש איז געווען א שטיקל עושר ווי מיין טאטע. ווען דער האנדל איז שוין נישט געגאנגען אזוי גוט ווי פריער, האט דער מענטש אונדז געראטן אז מיר זאלן קויפן אקציעס פון דער מלוכהשער נאפט־געזעלשאפט, וואס האבן דעמאלס געהאלטן אין איין שטייגן. מיין טאטע, וואס האט נאך קיינמאל אזעלכע אקציעס נישט געקויפט, האט אין אנהויב לגמרי זיך נישט צוגעהערט צו די עצות פון דעם דאזיקן מענטש. אבער לעצטנס, ווען די אקציעס האבן אנגעהויבן שטייגן העכער און העכער, און ווען דער מענטש האט אונדז יעדעס מאל בארעכנט וואס מיר האבן געקאנט פארדינען אין משך פון צוויי צי דריי טעג, האָט דער טאטע געקויפט די אקציעס. און באמת, ווען עס איז אדורך א קורצע צייט האט דער טאטע פארדינט א סך געלט אין די אקציעס. ווען מען האט אין אמסטערדאם אין דער דאזיקער צייט געכאפט אין גאס, און א סך מענטשן האבן באקומען איינלאדונגען צו קומען אין האלבער־נאכט צו דער סטאציע אוועקצופארן נאך רוסלאנד, און ווען מען האט זיך אין האג געריכט אז די דאזיקע מגיפה קאן אויך דארט יעדן טאג אויסברעכן, האט דעריבער דער טאטע געקויפט נאך אקציעס. אין משך פון דער גאנצער צייט דער דאזיקער זענען די אקציעס כסדר געגאנגען העכער און העכער.

ווען מיר זענען געפארן נאך בעלגיע, דאס הייסט, ווען מיר זענען אנטלאפן פאר די דייטשן, האט דער טאטע געזאגט צו באקאנטע, וואס האבן געהאט דאס רעכט צו פארן נאך בעלגיע, אז נאך זיין אנקומען קיין בעלגיע זאלן זיי

מיטגענומען מיט זיך די אקציעס און אים דארט זיי איבערגעבן. און אין דער אמתן, עטלעכע וואכן נאך אונדזער אנקומען זענען אלע אקציעס ווידער געווען אין אונדזער באזיץ. איך מוז דא אונטערשטרייכן, אז עס איז געווען פארווערט איבערצופירן די דאזיקע אקציעס קיין בעלגיע, און ביזן היינטיקן טאג איז דאס פארבאטן. פונדעסטוועגן וויל מען זייער און זייער קויפן די אקציעס אויך אין בעלגיע. ווען דער טאטע האָט געזען, אז די אקציעס גייען כסדר ארויף און ארויף, און אויב ער וועט קויפן נאָך אקציעס פאר די גולדנס וועלכע ער האט און דערנאך וועט ער די אקציעס פארקויפן אין בעלגיע וועט ער פאר זיי קריגן א סך מער פראנקן, האט ער באפוילן צו איינעם פון זיינע באקאנטע, אז ער זאל פאר אים קויפן נאך פינף אקציעס. דער דאזיקער באקאנטער פון מיין טאטן, האט געקויפט מיט א קורצער צייט צוריק די אקציעס און זיי איבערגעגעבן דעם טאטן מיינעם. אינצווישנצייט זענען צוליב פארשידענע פארבאטן פון דער בערזע וועלכע האט נישט געוואלט דערלאזן אז מענטשן זאלן מיט איינמאל אזוי פיל פארדינען — די אקציעס געפאלן מיט ארום הונדערט פראצענט. דערנאך זענען זיי ווידער ארויף מיט א זעכציק פראצענט און איצט לאזט נישט די לייטונג פון דער בערזע די דאזיקע אקציעס שטייגן. זעבסטפארשטענדלעך דאס מיר, וואס אונדזער גאנצע עקזיסטענץ הענגט אפ פון די דאזיקע אקציעס האבן איצט אביסל מורא, נישט געקוקט אויף דעם וואס די מאסן ווילן קויפן די דאזיקע אקציעס. אבער איצט גייט מען ארום אין האלאנד (דייטשן) און מען זוכט ביי יעדן איינעם, צי האט ער נאך די אקציעס וועלכע ער האט געקויפט און זיי נישט ארויסגעשיקט קיין אויסלאנד. זיי וועלן אוודאי אויך קומען צו אונדזער באקאנטן, וועלכער האט געקויפט פאר אונדזערוועגן די פינף אקציעס אויף זיין רעכענונג און אויף זיין נאָמען. די דאזיקע פינף אקציעס זענען, ווי איך בין זיך משער, א דריטל פון אלע אונדזערע אקציעס. אויב מיר וועלן געבן די פינף אקציעס צו מיין טאטנס באקאנטן, אז זיי זאָלן זיך ביי אים געפינען ביז וואנען די דייטשן וועלן קומען קאנטראלירן און דערנאך זאל ער זיי אונדז צוריקגעבן, איז פאראן א סכנה, אז מיר וועלן זיי שוין קיינמאָל מער נישט צוריקזען. וואָרום ביים היינטיקן טאָג טוט מען מיט די יידן וואס מען וויל. זיי האבן נישט קיין רעכט און נישט קיין געריכט. פאר עטלעכע טעג זענען מענטשן וואס זענען געניינגט צו די דייטשן, כאטש זיי זענען בעלגיער, (רעקסיסטן רופט מען די דאזיקע מענטשן), געקומען אין א שטוב פון א ייד און צוגענומען פון אים אלץ וואס זיי האבן געוואלט, אפילו די פיש פון ראָנדל האבן זיי זיך גענומען, און דער ייד איז געשטאנען דערביי און אפילו נישט געקאנט עפענען דאס מויל. דעריבער האבן מיינע עלטערן מורא איבערצוגעבן די אקציעס צו א „גוי". דערווייל האבן מיין מאמע און מיין גרויסע שוועסטער געהאט נישט קיין גוטן חלום און ס'איז שוין פארשטענדלעך אז דאס האט נישט געהאלפן צו פארבעסערן דאס געמיט.

אינצווישנצייט איז געפארן אין דער שווייץ א מענטש, אונדזערס א באקאנטער פון פריער, פון האג, וועלכער איז געקומען אהער, קיין בריסעל, נאך אונדז. און מיין מאמע וואס וויל זייער און זייער פארן אין דער שווייץ פארקלאגט זיך ווידער אויפן טאטן אז מיר זאלן פארן און אזוי ארום וועט קומען א סוף צו אונדזערע פיל צרות.

איצט ווען איך פארענדיק שוין מיינע פארצייכנונגען פון היינט, הער איך א שווערן זיפץ וואס רייסט זיך ארויס פון מיין מאמעס מויל.

געטראכט אז לכבוד חנוכה וועט די ישועה, אדער לכל הפחות א טייל פון איר, קומען. און דא ווידער פרישע צרות! ווידער צרות!

נאכט

אין די לעצטע טעג איז נישט מיר און נישט מיינע נאָענטע גאָרנישט געשען. דעם אָוונט האָט מען שוין אָנגעצונדן דאָס פינפטע חנוכה-ליכטל, און חנוכה גייט און דערנענטערט זיך צום סוף, אויף קיין ניסים ווארט איך שוין נישט דעם חנוכה. טאָג נאָך טאג גייט מען און מען כאפט יידן. אמאל גיט מען א שניט דא און אמאל שניידט מען דאָרט. מען זאגט, אז די דייטשן האָבן ספעציעלע מענטשן וואָס דרייען זיך ארום אין שטאָט צו זען, צי וווינען נישט דא אדער דארט קיין יידן, און דאן ווייזן זיי אָן די דייטשן אויף דער וווינונג פון דעם ייד און זיי קומען מיט זייערע לאסט-אויטאמאבילן און פארכאפן אונדזערע ברידער. שוין א סך מאל האט מען געזאגט אז ביז דעם אדער דעם טערמין וועט מען כאפן, און דערנאך וועט מען אויפהערן. אבער מען האט שוין א סך מאל אנגעגעבן אזעלכע טערמינען און פון אלע האט זיך גארנישט אויסגעלאזט. די דייטשן הערן גארנישט אויף פון צו כאפן יידן.

פון די מלחמה-פראנטן הערט מען אינגאנצן נישט קיין נייעס. זעט אויס אז די רוסישע אפענסיווע איז שוואכער געווארן, אדער בכלל אינגאנצן אויפגעהערט. אין צפון-אפריקע קומען נישט פאָר אזעלכע געשעענישן, וואָס זאלן קאנען משפיע זיין אויף דעם גאנג פון דער מלחמה אדער דערנענטערן איר סוף.

די מאמע מורמלט זייער די לעצטע טעג, בפרט צוליב דעם מענטש וואס איז מיט אייניקע טעג צוריק געפארן אין דער שווייץ. עס זעט מיר אויס, אז אויך דער טאטע וויל שוין פארן.

אין די לעצטע טעג האב איך כמעט אינגאנצן נישט קיין חשק עפעס וואס צו טון. ווען מען האָפט אויף ניסים און אפילו דאס מינדעסטע געשעעניש קומט נישט פאָר, קאן זיך קיין שום שטויס-קראפט, אדער חשק נישט אויפוועקן אין הארץ פון מענטש. איך האב שוין געטראכט א סך מאל צי וועט באמת דייטשלאנד זיגן אין דער איצטיקער מלחמה. פאר די יידן איז אזוי קלאר אז ענגלאנד איז שטארקער פון דייטשלאנד און אז זי וועט מנצח זיין. אבער סוף כל סוף פארוואס טראכטן זיי אזוי באמת, ווייל אונטער די דייטשן וועלן מיר

נישט קאָנען לעבן און מען וועט אונדז נישט לאָזן לעבן. אָבער דאָס איז נאָך נישט קיין באַוויַיז פאַר דעם, צי ענגלאַנד וועט זיגן אָדער דיַיטשלאַנד. אָבער ווער עס וועט זיגן גייט מיך מער כּלל נישט אָן. דער עיקר איז, אַז מיר, די ייִדן, זאָלן אויסגעלייזט און געהאָלפן ווערן פון די איצטיקע צרות. אַפילו עס וועט שטאַרבן אַ גרויסער טייל פון די גויים גייט עס מיך אינגאַנצן נישט אָן. זאָלן זיי פאַלן ווי די פליגן. איך האָב געהערט אַ סך מאָל זאָגן אין ייִדיש. און אין דער אמתן איז עס אַזוי: זאָלן זיי אומקומען און אפשר וועלן זיי זיַין אַ כּפּרה פאַר אונדז.

די לעצטע ציַיט צווייפל איך וואָס אַ מאָל מער און מער אין ענגלאַנדס זכות, וואָס צוליב אים דאַרף זי דאָס מנצח זיַין אין דער מלחמה. עס איז דאָך באמת קשה מיט וואָס איז ענגלאַנדס זכות אַזוי גרויס? האָבן זיי אַזוי פיל גוטס געטון מיט מענטשן. מיר שיַינט אַז קיין אָרעמקייט פעלט נישט אין ענגלאַנד און אויך ביַי איַירע פאַרבינדעטע איז זי פאַראַן נישט אין קיין קלענער מאָס. פאַר אייניקע טעג האָב איך געהערט אַ גוט „וואָרט" פון אַ געוויסן ייִד. „די דיַיטשן זאָלן זיַין די ענגלענדערס כּפּרה אָן די ענגלענדער זאָלן זיַין אונדזער כּפּרה". אַזוי דאַרף באמת זיַין. מיט דעם וועל איך איצט איבעריַיסן, וויַיל עס האָט מיך זייער אָנגעכאַפּט דער שלאָף. אַ רויִקע נאַכט! מיַין פאָלק!

נאַכט. 8 דעצעמבער.

שוין באַלד נאָך אונדזער אַהערקומען קיין ברייסעל און נאָך דעם ווי מיר האָבן זיך דערוואָרבן אַ דירה, האָט די מאַמע אַ סך מאָל געזאָגט צום טאַטן און צו מיר, וואָס וועט זיַין מיַין סוף. איך גיי אַרום גאַנצע טעג נישט טוענדיק גאָרנישט. איך לייען טיילמאָל עבֿרית, אָבער לויט מיַין מאַמעס רייד, איז נישט מעגלעך אַז פון דעם זאָל אַרויסקומען אַ וועלכער דאָס איז תּכלית. הערנדיק די דאָזיקע ווערטער פון מיַין מאַמען די ערשטע פאַר מאָל, האָב איך פון זיי געלאַכט. אויך מיַין טאַטע האָט זיי נישט גענומען ערנסט. איך האָב געזאָגט, ווי אַזוי קאָן זי טראַכטן אין דער איצטיקער ציַיט וועגן אַ גוטן סוף, אָדער אַ גוטן תּכלית, אַז ביַים היַינטיקן טאָג דאַרפן מיר זיך פאַרנעמען נאָר מיט פראַגעס וואָס זענען נוגע אונדזער לעבן. אויך דער טאַטע האָט געענטפערט דער מאַמען מיט אַזעלכע ווערטער, יעדעס מאָל ווען זי האָט גערעדט וועגן דעם ענין. אויך אין די לעצטע טעג האָט מיַין מאַמע באַרירט די פראַגע זאָגנדיק אַזוי: וואָס וועט זיַין דער סוף פון אים (מיט דעם „אים" האָט זי געמיינט מיך). און איך האָב ווידער געשמייכלט הערנדיק דאָס. אָבער ווען איך בין געבליבן אַליין האָב אויך איך אָנגעהויבן וועגן דעם צו טראַכטן. וואָס וועט אין דער אמתן זיַין מיַין סוף? וואָס וועל איך זיַין? עס איז דאָך זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז דער מצבֿ אין וועלכן מיר געפינען זיך היַינט קאָן נישט אייביק דויערן. אפשר וועט ער זיך נאָך פאַרציִען אַ יאָר אָדער צוויי,

אבער וואס וועט דעמאלס מיט מיר זיין. איך וועל דאך פארט אמאל מוזן גיין און פארנעמען זיך מיט דער אייגענער פרנסה. אין אנהויב האב איך געוואלט ארויסשטויסן די אלע מחשבות פון מיין קאפ. אבער זיי זענען אוועק און צוריקגעקומען, און איך האב נישט געקאנט זיך פון זיי באפרייען. דעמאלס האב איך זיך באמת אנגעהויבן אביסל צו פארטיפן אין דעם ענין. נאך א סך אריינטראכטן האב איך איינגעזעהן אז דאס בעסטע פאר מיר איז צו ווערן . .

א פאליטיקער. יאָ, א מלוכה־מאן וויל איך איצט ווערן, און נישט סתם א פּאָליטיקער. נאָר אַ יידישער מלוכה־מאן אין ארץ־ישראל. ווייל כאָטש עס זעט מיר אויס אז נאר בדרך נס וועלן מיר קאנען ארויס פון אונדזערע איצטיקע צרות, וועט אבער דאס ווייטערדיקע, דאס הייסט אונדזער ווייטערדיק לעבן אויף דער ערד כלל וכלל נישט זיין על פי נס. דעמאלס וועט אלץ צוריקגיין צו דעם וואס עס איז געווען פריער. אוודאי וועלן זיין געוויסע ענדערונגען אין דער באציאונג פון די פעלקער צו די יידן, און אפשר וועלן זיך אביסל ענדערן די באציאונגען פון די פעלקער צווישן זיך, אבער פון דעם איז נישט געדרינגען אז אלץ וועט דעמאלס זיין בדרך נס. עס איז דאך פארשטענדלעך פון זיך אליין אז דער גייסט פון אונדזער פאלק וואס איז אזוי גלותדיק, וועט זיך נישט ענדערן מיט איין מאל, אפילו נישט אין איין דור. ביז דער צייט ווען מיר וועלן זיך אומקערן צו זיין א פריי פאלק אויך מיט אונדזער גוף און אויך מיט אונדזער נשמה (און דאס לעצטע איז דער עיקר), אויף דעם דארפן אדורכגיין גאנצע דורות. צו דעם דארף מען מענטשן וואס זאלן פירן דאס פאלק אין וועגן, וואס וועלן עס סוף כל סוף ברענגען צו גייסטיקער פרייהייט.

נאך א סיבה איז פאראן צוליב וועלכער איך האב באשלאסן צו ווערן א פירער פון אונדזער פאָלק, דאס הייסט א פאליטיקער, און דאס איז די, אז אנדערע קענטענישן דארף מען לערנען א סך צייט און אין א סך ביכער. מיין כוונה איז אזא. ווען איך וויל, למשל, זיין א געלערנטער אין נאטור־וויסנשאפטן, דארף איך קודם־כל לערנען דאס אלץ, וואס עס האבן אויפגעטון די געלערנטע פון דער וויסנשאפט ביזן היינטיקן טאג. און נאך דעם ווי איך וועל דאס ענדיקן לערנען און באנעמען, וועל איך ערשט קאנען צוגיין טראכטן וועגן זיך אין דער דאזיקער וויסנשאפט, דאס הייסט טראכטן אקטיוו, אז איך זאל קאנען עפעס מחדש זיין. נישט אזוי איז עס אין דער פאליטיק. דארט דארף מען נישט לערנען סיסטעמאטיש (וואס איז מיר איצט נישט מעגלעך). אין דער פאליטיק קאן מען זיך באנוצן בכלל מיט אלעם, וואס מען האט געלערנט, און מען דארף אויך מיטן קאָפּ זיך קאנען באנוצן און מיטן שכל. און אזוי ווי איך בין א „פרומער״ ייד, האָף איך, אויך אז דער אייבערשטער וועט מיר העלפן אין די פאלן ווען מיין שכל וועט מיר נישט סטייען.

דעריבער וועל איך פון היינט אָן און ווייטער אַלץ וואָס איך טו און וואָס איך טראכט ווענדן נאָר אין דער ריכטונג פון דעם איינעם ציל. איך וועל

פארשטייט זיך מערן צו לערנען אין תנ״ך, ווייל נאר אין גייסט פון דעם ספר קאן דער צוקונפטיקער ייד לעבן. קיין אנדערער וועג איז נישט פאראן. איך וועל אויך לויט מיינע מעגלעכקייטן מערן צו לערנען אין אנדערע העברעאישע ספרים, וואס זיי באשעפטיקן זיך מיט יהדות און דורך דעם וועל איך פארברייטערן מיינע ידיעות אין די וויסנשאפטן פון מיין פאלק.

איצט וועגן די טאג-טעגלעכע געשעענישן: דער מענטש וועלכן איך האב אויבן דערמאנט עטלעכע מאל, דער וואס האט געוווינט אנטקעגנאיבער אונדז (אין האג) און איז אויך געקומען קיין בריסעל און איז פונדאנען געפארן ווייטער אין דער שווייץ, איז צוריקגעקומען קיין בריסעל. די מענטשן וואס האבן אים געהאלט אריבערפירן אויף דער צווייטער זייט גרענעץ זענען געווען שווינדלער. אינמיטן וועג זענען זיי ארויסגעשפרונגען פון דער באן. ער איז נאך זיי נאכגעשפרונגען, ווייל ער האט געמיינט אז זיי גייען אים איצט אריינפירן אין דער שווייץ. בעת ארויסשפרונגען, וואס איז פארגעקומען דורכן פענצטער, האט ער זיך פארוואונדעט די הענט, און אויפהייבנדיק זיך פון דער ערד האט ער מער די מענטשן נישט געזען. דאן האט ער אויף זיי געווארט א געוויסע צייט און זעענדיק אז זיי זענען נישט געקומען, האט ער פארשטאנען אז זיי האבן אים באשווינדלט. מיט גרויסע צרות — ער האט צוויי טעג נאכאנאנד געפאסט — איז ער ווידער צוריקגעקומען קיין בריסעל. דורך דעם דאזיקן פאל איז אים פארלוירן געגאנגען א סך געלט. פארשטייט זיך אז צוליב דעם דאזיקן געשעעניש איז אזוי ארום דער טאטע ביי זיך זייער און זייער פעסט געווארן, ווייל די מאמע האט א גאנצן טאג געלויבט דעם דאזיקן מענטש און געזאגט אז ער האט גוט באשלאסן, זיך נישט געוואקלט נאר מיט איין מאל באשלאסן, א. דגל. אבער נאך דעם אלעם שיינט מיר, אז עס זענען אריין געוויסע שטערונגען אין פארלענגערן אונדזער אויפהאלטס-רעכט דא אין בריסעל. מארגן וועלן שוין אדורך די דריי חדשים און עס קומט דער סוף פון טערמין וועלכער איז איינגעשריבן אין די דערלויבנישן וואס מיר באזיצן איצט. אבער דער טאטע איז פול מיט האפנונג און רעכנט אז מארגן וועלן מיר דערהאלטן די איינלאדונגען צו קומען אין דער שטאט-פארוואלטונג אפצונעמען די נייע באשייניקונגען. איצט וועל איך גיין שלאפן און ענדיקן מיטן פסוק:

אויב דיין פארשטויסענער זאל זיין אין עק הימל, וועט דיך ג־ט דיין ג־ט פון דארטן דיך איינזאמלען, און פון דארטן דיך נעמען.

אינדערפרי

נעכטן איז דער טאטע געקומען און געזאגט, אז מיטן פארלענגערן די דערלויבענישן דארף מען נאך ווארטן ביז פרייטיק. מיר דוכט זיך אויס, אז דאס מאל וועט מיך טאטן זיך נישט איינגעבן צו פארלענגערן די דערלויבנישן. פונדעסטוועגן איז דער טאטע פול מיט האפענונג און ער זאגט צו דער מאמען.

אַז מיט ג־טס הילף וועלן מיר זיי יאָ באַקומען.

נעכטן האָב איך פאַרענדיקט אַ מאמר פון ד. א. פרידמאַן וועגן י. ח. ברענער און זיינע העלדן. די דאָזיקע אָפּהאַנדלונג איז נישט די ערשטע וואָס איך האָב געלייענט פון דעם זעלבן קריטיקער. איך האָב שוין פון אים געלייענט קריטישע אָפּהאַנדלונגען וועגן ח. נ. ביאַליק און ש. טשערניכאָווסקי. זיינע מאמרים זענען אין דער גרעסטער טייל אָזעלכע לאַנגע, אַז די ערשטע צוויי האָב איך נישט געענדיקט. אויך דער מאמר, וועלכן איך האָב איצט געענדיקט, איז זייער לאַנג, האַלט ביי פופציק זייטן. אָבער נישט געקוקט אויף דעם האָב איך אים דאָס מאָל געלייענט ביזן סוף. דער דאָזיקער העבעראישער קריטיקער און זיינע אַנשויאונגען וועגן דער אויפלעבונג פון אונדזער פאָלק זענען באמת זייער אינטערעסאַנט. עס האָבן זייער גערירט מיין האַרץ די ווערטער פון דער זקנה הינדע, וואָס פאַר איר איז ארץ־ישראל געווען אַ פרישער גלות, אַ מין אַנדער גלות.

נאָכן ענדיקן דעם דאָזיקן מאמר האָב איך נאָך אַביסל וועגן אים געטראַכט. און טראַכטנדיק אַזוי האָט פּלוצים אַ געדאַנק אַ בליץ געטון מיר אין מוח: — ווען סיי ד. א. פרידמאַן, סיי י. ח. ברענער וואָלטן געוווּסט וועגן דעם מצב אין וועלכן אונדזער פאָלק געפינט זיך איצט, וואָלטן זייערע אַלע געדאַנקען און זייער גאַנץ דענקען און אַלע זייערע רעיונות געווען ווי נישט און גאָרנישט אַנטקעגן די אַלע זאַכן וואָס געשעען היינטיקן טאָג. וואָרעם נאָר אין אַ זייער און ביז גאָר שטילער וועלט האָט געקאָנט קומען אַ מענטש ווי ברענער און מאַכן אַ שטיקל, אָדער מער ווי אַ שטיקל טומל אין די הערצער פון געוויסע מענטשן. אָבער אין אונדזער צייט וועלכע איז פול מיט דערשיטערונגען און געוואַלטנישן — ווער וועט הערן זי שטימעס פון די דאָזיקע מענטשן. מיר לעבן באמת אין אַ ביז גאָר ווי׳כטיקער צייט. און דאַן בין איך געקומען צו דער ווירקטיקייט פון די מענטשן און געדאַנקען פון פאַרגאַנגענעם דור, אָדער פון די לעצטע צוויי דורות פאַר אונדז, און איך האָב איינגעפונען, אַז נאָר דער ציוניסטישער געדאַנק, ד. ה. דער ציוניזם און זיינע גרינדער, האָבן נאָך אַ מעגלעכקייט צו מאַכן אויף אונדז אַ וועלכן דאָס איז רושם. ווייל נאָר ווען מיר וואָלטן נאָכגעגאַנגען דעם ציוניסטישן געדאַנק און צוריקגעגאַ־ען קיין ארץ־ישראל, וואָלטן מיר געקאָנט פאַרלויפן דאָס שלעכטס אין וועלכן מיר געפינען זיך היינט. אָבער ווייל מיר האָבן דאָס נישט געטון, האָט דאָס אויך שוין נישט קיין גרויסע ווערט פאַר אונדז. נאָר וויסן זאָלן מיר וויסן, אַז אַ זינד וועלכע מיר קאָנען זי גאָרנישט באַרעכענען וועט שווערן אויף די קעגנער פון ציוניזם. ווייל יעדעס נפש וואָס איז נישט געבראַכט געוואָרן אָדער נישט געגאַנגען צוליב זיי קיין ארץ־ישראל, וועט ליגן ווי אַ שטיין אויף די הערצער פון די ציוניסטישע קעגנער. אָבער דער ציוניזם אַליין איז אינגאַנצן ווי אַן אַנדייט פאַר אונדזער גאַנץ פאָלק וועגן דער גרויסער זינד וואָס מיר האָבן

געזינדיקט. ווייל וואלטן מיר געטון און געגאנגען נאך די הארציקע עצות וואס זענען ארויסגעגאנגען מיט אמת פון די הערצער פון אונדזערע פירער, די ביז גאר גרויסע אוהבי ישראל, וואלטן מיר היינט נישט געווען אין אזא גרויס אומגליק.

איך האב געלייענט נאך א מאמר פון מ. טייטעלבוים „מדור הנפש". לייענענדיק דעם דאזיקן מאמר בין איך געקומען צו דער איבערצייגונג אז אין יעדער זאך, אפילו אין דער גרעסטער נארישקייט קאן מען זיך פארטיפן מער ווי א גאנץ מענטשלעך לעבן. איך בין איבערצייגט, אז ווען מען זאל געבן א געבילדעטן מענטש א שטיק האלץ אדער שטיין, וואלט ער קאנען זיך דערין פארטיפן זיין גאנץ לעבן און קאנען אנפילן מיט זיינע חקירות און א סוף ביכער. נישט דורכאויס מיט דעם וואס ער אליין האט אויסגעפונען, נאר דער עיקר וואס אנדערע האבן דערין אויסגעפונען. פון דעם האב איך געלערנט, אז דער עיקר איז נישט אז א מענטש פארשט, נאר דער עיקר איז, וואס מען פארשט. און מען קאן אויף דעם לעצטן מאמר וואס איך האב געלייענט זאגן נאך שטארקער ווי איך האב געזאגט אויף דעם ערשטן מאמר, אז אין פארגלייך מיט די געשעענישן פון היינט איז ער נאך ווייניקער ווי גארנישט.

פון די דאזיקע צוויי מאמרים האב איך געלערנט, אז וואס גרעסער עס איז דער שרייבער, אלץ גרעסער דער מאמר אדער דאס בוך זיינס. און פון דעם איז געדרונגען אז עס זענען פאראן שרייבער וואס זענען אזוי גרויס, אז זיי זענען איביק און זייערע ביכער זענען ווי זיי אליין איביק. איינס פון די אייביקע ספרים וואס איך קען, און אפשר דאס איינציקע ספר, דאס איז דער געטלעכער תנ"ך, אדער דער עיקר די תורה און די נביאים. דעריבער וועל איך לייענען נאך מער און מער נאר אין די ספרים פון תנ"ך, ווייל זיי גרייכן מיט זייער חשיבות צו אזעלכע וויכטיקע צייטן ווי די איצטיקע און אפשר נאך צו וויכטיקערע פון זיי.

איצט, שרייבנדיק וועגן דער חשיבות פון שרייבער, זייערע ביכער און שריפטן", האב איך זיך פלוצים דערמאנט אין ד. פרישמאנס א מאמר „חורבות עולם". דער דאזיקער מאמר האט געמאכט אויף מיר א רושם דורך דעם, וואס לייענענדיק אים האב איך תיכף דערפילט, אז ער איז ארויס גליך פון הארץ פון דעם שרייבער, ווי דער רוב פון זיינע שריפטן.

12 דעצ. מוצאי־שבת

דעם פארגאנגענעם דאנערשטיק האבן מיר אנגעצונדען דאס לעצטע מאל די ליכטעלעך פון דעם חנוכה. דאס מאל האבן מיר נאך אלע דריי, דער טאטע, מיין קליינער ברודער און איך, זוכה געווען אנצוצינדן אלע אכט חנוכה ליכטלעך, כאטש עס איז שווער געווען צו קריגן ליכטלעך. מיר האבן זיך זייער באמיט און זיי קוים באקומען צו קויפן פאר זייער טייער. זינגענדיק די

לעצטע סטראפע פון „מעוז צור" בין איך דערשטוינט געווארן ווי ווייט די ווערטער אנטשפרעכן אונדזערע היינטיקע פלאָגן:

אנטבלויז דיין הייליקן אָרעם
און דעם קץ, די ישועה דערנענטער.
זיי נוקם די נקמה פאר דיינע קנעכט בלוט
פון דעם פאלק דעם פארדארבענעם (!)
ווייל עס לאנגט זיך אונדז די ישועה
און נישט פאראן קיין סוף צו די טעג פון שלעכטס.
שטויס אריין דעם רשע אין דער פינצטער פון פינצטערניש,
פאר אונדז שטעלט אויף א מנהיג א זיבנפאכיקן *.

באמת איין פנים האָבן אַלע אונדזערע צרות, פון דער ערשטער ביז דער לעצטער פון אונדזערע היינטיקע טעג. איין געשריי גייט אויף פון זיי אלע. אין וואספארא אָרט דו זאלסט נישט זיין, וועט דאס געשריי וואס וועט אויפגיין פון דארט האבן זיינס גלייכן אין דעם צווייטן עק וועלט, און נאך אין לאנגע יארן אַרום. געעוי דאָס זעלבע האָב איך געפילט לייענענדיק געוויסע לידער אין דעם „אויסקלייב פון דער העברעאישער שירה". נאָך זייענדיק אין האַג. ממש די זעלבע זאך. באמת, קיין שום פירער האָט די צרות נישט פארמיטן פון אונדז, קיין שום פאסטעך האָט אונדז פון זיי נישט אָפגעראטעוועט. זינגענדיק דעם „מעוז צור" דאָס לעצטע מאָל צום היינטיקיאָריקן חנוכה האָב איך אים שטארקער באַטאָנט, און בפֿרט די לעצטע סטראָפע. אָבער ווען איך בין געזעסן שפעטער איינער אַליין, האָב איך זיך געטראכט וואס וועט העלפן מיין באַטאָנען דאָס, וואָס וועט דאָס באמת ברענגען פאר א נוצן. וואָס וועלן העלפן אַלע מיינע תפילות וועלכע איך דאוון מיט אזא גרויסער כוונה. עס האָבן זיכער גרעסערע צדיקים פאר מיר געבעטן אין אן עת צרה אויף דער גאולה אז די זאָל קומען און אויף דער ישועה וואָס איז זיי אזוי בויטיק. אין דער אמתן וואָס פארא זכות שטייט מיר ביי, וואָס דורך אים זאָל איך קאָנען מתפלל זיין אויף דער גאולה וואָס מיר דארפן אַזוי שטארק. פונדעסט־וועגן האָב איך אנטקעגן דעם איינגעפונען, אז עס איז נישט אזוי ווי איך מיין. וואָרעם משה, אונדזער ערשטער מנהיג, דער בעסטער מנהיג פון אונ־דזער פאָלק, אויך ער איז דאָך געווען אַליין, און פונדעסטוועגן האָט ער אַזוי

* דאס איז דער העברעאישער טעקסט, אזוי ווי ער ווערט געבראכט אין בוך „הנער משה":
חשוף זרוע קדשך
וקרב קץ הישועה
נקום נקמת דם עבדך
מאמה הרשעה (!)
כי ארכה לנו הישועה
ואין קץ לימי הרעה
דחה אדמון בצל צלמון
הקם לנו רועה שבעה.

עולה לגדולה געוועו. און עס זענען פאראן נאך פאראלעלע זאכן צווישן זיין מצב און מיין אייגענעם. ווייל איך האב שוין אליין געטראכט, מיט וואס קאן איך פארגרעסערן מיין זכות, ווארעם עס איז דאך מיר נישט מעגלעך צו קומען ערגעץ, ווו דארט זאל איך אים קאנען פארמערן. אבער אויך אין דעם שטייט מיר דער ביישפיל פון אונדזער נשיא פאר מיינע אויגן. ווארעם ער האט דאך אויך געוואנדערט איבער דער גאנצער וועלט, און נישט אויסן געווען צו טון טובות סתם מענטשן, נאר אין זיין קליינעם קרייז האט ער זיך געיאגט נאך גערעכטיקייט און נאך רעכט. און זיין גאנצער זכות איז אים געקומען צוליב די מדינים.

און דאך האט ער דערגרייכט צו דער מדרגה פון א נביא פון די נביאים און פון א נשיא פון די נשיאים. און נישט לייכט איז ער דערגאנגען צו דער דאזיקער מדרגה. ער האט באדארפן ארבעטן און פארקנעכטן זיין גייסט אכציק יאר, אזוי ווי עס האט מיך געלערנט מיט רעכט מיין לערער. אכציק יאר און דאן האט ער זוכן געוועז.

אין דער אמתן דארף איך זיך לערנען פון זיין לויכטנדיקן און דורכלויטנדיקן ביישפיל. פון מיין טבע אויס בין איך א כעסן, איך ווער גיך בייז. אבער דורך דעם ביישפיל פון דאזיקן מענטש וואס זיין נאמען איז ווי מיינער, וועל איך זיך אנשטרענגען און זיך שטארקן און גובר זיין איבער דער דאזיקער טבע מיינער. איך האב מיר שוין א סך מאל געזאגט אין הארץ, אז איך דארף זיך מער אויסבעסערן מיין וועג. אבער יעדעס מאל ווען איך האב זיך דאס צוגעזאגט און עס איז געקומען צו אשטרייט אדער קריגעריי מיט איינער פון מיינע שוועסטער, האב איך פארגעסן אלע מיינע צוזאגן. אבער איצט שרייב איך שווארץ אויף ווייס אז איך וועל זיך פארבעסערן, איך וועל נישט גיך בייז ווערן, אדער נאך בעסער, איך וועל אינגאנצן נישט בייז ווערן.

איך האב איז געווען א יינגל, ער האט געהייסן יונה יערעט, וואס איז געווען מיר פאר א ביישפיל. ער איז געווען אזא גוט יינגל. א יינגל מיט אזא גוט הארץ ווי ער איז געווען, האב איך נאך קיינמאל נישט געזען. ווען איך פלעג רעדן מיט אנדערע חברים, איז אויב זיי האבן נאר געקאנט מיר ארייננזאגן שטעך-ווערטלעך האבן זיי קיינמאל נישט אויסגעמיטן דאס צו טאן. אבער רעדנדיק מיט אים האט ער דאס קיינמאל נישט געטאן. נישט דערפאר ווייל ער האט נישט געקאנט אדער געווען א נאר. ניין, פארקערט. ער איז געווען זייער א קלוג יינגל. זיך זייער גוט געלערנט אין שולע. ער האט שטענדיק געהאט צייגענישן מיט באלנס ניין און אכט. ער פלעגט זיך שטענדיק אזוי אנגענעם שפילן. שרייבנדיק איצט וועגן אים, וועל איך אויך פארשרייבן דאס, וואס איך האב געהערט דא אין בריסעל פון איינעם וועלכער האט געוווינט אנטקעגנאיבער אונדז און איז אהער געקומען. ער האט דערציילט, אז דאס יינגל איז געכאפט געווארן ביים וועלן איבערגיין די האלענ־

דיש־בעלגישע גרענעץ. מיט נאָך א סך מענטשן איז ער געכאפּט געוואָרן. נאָך עטלעכע חדשים האָבן זיינע עלטערן דערהאלטן א מעלדונג, אז זייער זון איז געשטאָרבן. הערנדיק די דאָזיקע ידיעה האָט מיין הארץ אין מיר אויפגעציטערט. איך האָב נישט געקאָנט גלייבן אז אזא גוט יינגל, ווי די שכינה וואָלט געשוועבט איבער אים, איז געטויט געוואָרן דורך די דאָזיקע רשעים. דאָס האָט ג־ט זיכער נישט געלאָזט טאָן. אָבער טאָמער איז ער חס וחלילה געטויט געוואָרן, אָדער ריכטיקער געזאָגט, דערמאָרדעט געוואָרן דורך די דאָזיקע רשעים, דעמאָלט איז באמת געקומען די צייט, אז עס זאָלן פאַרווירקלעכט ווערן די ווערטער:

זיי נוקם די נקמה פאר דיינע קנעכטס בלוט פון דעם פאָלק דעם פאַר־דאָרבענעם (דייטשלאנד).

יאָ, עס איז שוין געקומען די צייט.

כדאי מיר זאָלן שוין, אין דער רגע, אויסגעלייזט ווערן, נאָר אויך צוליב אַן אנדערן טעם דארף עס געשען. די צווייטע זאַך איז די מסירות.

יאָ, מסירות. שוין א סך מאָל האָב איך געהערט פון דער דאָזיקער זאַך, אָבער איך האָב זיך דאָס נישט צוגעלויבט. איך האָב געטראַכט אז די יידן האָבן זיך נאָך אלץ נישט אויסגעלערנט, נישט געקוקט אויף אלעם וואָס עס האָט זיי געטראָפן פון די „גוים”, צו זוכן דעם שולדיקן אין זיי און נישט צווישן אחינו בני ישראל. אָבער דאָס מאָל איז באמת שווער צו טראַכטן, אז א „גוי” האָט אים געמסרט. די זאַך איז אזעלכע.

אַ ייד האָט געוווינט ביי אַ קריסט. זיין פרוי האָט געוווינט ערגעץ אַנדערש זיינע קינדער האָבן ווידער געוווינט ערגעץ אַנדערש. דער דאָזיקער מענטש האָט אַ חוץ יידן, קיינעם נישט באַזוכט. אין אַ געוויסן טאָג איז מען געקומען און גענומען אים און זיין פרוי און זיינע קינדער פון די אַלע ערטער ווו זיי זענען געווען און זיי געשיקט קיין מאלין (דאָס אָרט ווו מען נעמט צוזאַמען די געכאַפּטע יידן צו פאַרשיקן זיי פון דאָרט קיין רוסלאַנד). עס איז מיר כמעט אוממעגלעך צו גלויבן, אז א ייד זאָל מסרן זיין ברודער. זיי האָבן נאָך נישט געלערנט די ריכטיקייט פון די ווערטער: „וואָס זייער מויל זענען פאלשע רייד און זייער רעכטע האנט איז די רעכטע האנט פון שקר”. צי האָפן זיי באמת, אַז אויב זיי וועלן איבערגעבן זייערע ברידער צו די דייטשן, דעמאָלס וועלן זיי אליין בלייבן אומבאַרירט. אויב זיי וועלן זיך שוין היינט נישט אויסלערנען די ריכטיקייט פון די אויבן דערמאָנטע ווערטער, דעמאָלס וועלן זיי זיך שוין קיינמאָל מער זיי נישט אויסלערנען.

יאָ, יאָ, עס איז שוין געקומען די צייט אויסגעלייזט צו ווערן.

איך האָב געמערקט דאָס מאָל, מער ווי אלע מאָל, צו שרייבן מיט גרויסע פירעקיקע אותיות. אָבער וויפל איך האָב געשריבן איז עס נאָך אַלץ גאָרנישט. ווען איך וואָלט באַשריבן אַלע בלעטער מיט גרויסע פירעקיקע אותיות, וואָלט

איך נאָך אַלץ נישט געקאָנט אַרויסברענגען דורך זיי די גרייס פון די צרות. זיי האָבן שוין געגרייכט ביז צום הימל און דער וויי־געשריי וואָס זיי רופן ארויס דאַרף העלפן. אויב נישט איצט, ווען וועסטו, מיין האַר, העלפן דיין פאָלק, דיין אויסדערוויילט פאָלק? וועסטו זיי לאָזן אויסגיין אין דער קעלט פון רוסלאַנד. וועלן דאָרט אומקומען די אומגליקלעכע פון קעלט? דאָס ווילסטו דאָך זיכער נישט. און אויב נישט אין אונדזער זכות וועסטו אונדז מציל זיין, זיי אונדז מציל פאַר דיין כבודס וועגן און פאַר דעם כבוד פון דיין פאָלק, דעם כבוד פון פאָלק, דיין אויסדערוויילט פאָלק, וואָס איז אַזוי פאַראומרייניקט און פאַרעקלט געוואָרן דורך די גויים. אויסגעמעקט זאָלן ווערן זייערע נעמען. איך בעט די האַר

עס לאַנגט זיך אונדז די ישועה,

און נישט פאַראַן קיין סוף צו די טעג פון שלעכטס.

איך בעט דיך, האַר, העלף־זשע אונדז פאַר דיין נאָמען וועגן!

האַלבע נאַכט, 14 דעצעמבער

נעכטן בין איך געגאַנגען מיט מיין שוועסטער אין סינעמאַ. זייענדיק אין האַג, נאָך איידער זי איז אָקופּירט געוואָרן דורך די דייטשן, בין איך קיין סך אין סינעמאַ נישט געגאַנגען. ווען די דייטשן זענען שוין אַ געוויסע צייט געווען אין האָלאַנד, האָבן זיי פאַרווערט די יידן צו באַזוכן די סינעמאַס. נאָך דער צייט, האָט מען אָנגעהויבן אין זיי ווייזן אַנטיסעמיטישע פילמען. איך האָב זייער געוואָלט זען די פילמען, אָבער נישט געקאָנט, ווייל אויף מיין אידענ־טיטעטס־שיין איז געווען אויפגעשריבן אַ (J) י׳ פאַר אַ סימן אַז איך בין אַ ייד. ווען זיי וואָלטן געהאַט אַ שטיקל פאַרדאַכט, האָבן זיי געקאָנט הייסן ווייזן דעם שיין, און ווי מיר דאַכט זיך, האָט מען פאַר אַזאַ זינד באַקומען זעקס חדשים אַרעסט. אָבער איצט, ווען איך בין אין בעלגיע, און דאָ בין איך פאַררעגיסטרירט נישט ווי אַ ייד, קאָן איך באַזוכן דעם סינעמאַ. אויך גיט מען דאָ נישט אַזוי אכט אויף דעם. ווען כ׳בין אהער געקומען איז גאָרנישט געווען אָנגעצייכנט אויף די פענצטער פון די דאָזיקע אַנשטאַלטן. נאָר אויף די, וועמענס באַלעבאַטים זענען געווען אַנטיסעמיטן, איז געווען אויפגעשריבן אַז דער ארייַנטריט פאַר יידן איז פאַרבאָטן. אָבער איצט שרייבט מען שוין אויף אַלע סינעמאַס: „לויט אַ באַפעל פון די דייטשן איז דער אריינגאַנג פאַר יידן אין די סינעמאַס פאַרבאָטן”.

נישט געקוקט אויף דעם בין איך געגאנגען זען דעם פילם „יוד זיס”. דאָס וואָס איך האָב דאָרט געזען, האָט אויפגעזאָטן דאָס בלוט אין מיינע אָדערן. אַרויסגייענדיק איז מיר דאָס גאַנצע פּנים געווען רויט. דאָרט האָב איך דערקענט די אינטריגעס פון די דאָזיקע רשעים, דאָרט האָב איך געזען זייערע קאָמבינאַציעס, ווי זיי שטרענגען זיך אָן מיט אַלע כוחות ארייַנצוטון אַנטיסעמיטישן סם אין בלוט פון די גויים.

זעענדיק דעם פילם האָב איך זיך דערמאָנט אין די רייד פון דעם רשע אין איינעם פון זיינע רעדעס: ווער פון די מלחמה־האַלטנדיקע צדדים עס וועט נישט זיגן, וועט זיך דער אנטיסעמיטיזם פאַרשפּרייטן און פאַרשפּרייטן ביז דעם פולשטענדיקער פאַרלענדונג פון די יידן. אַזעלכע פיל ווייניק זענען געווען זיינע רייד. און דאָ האָב איך געזען זיינע הינטערוועגן דורך וועלכע ער וויל דערגרייכן זיין ציל. און דאָ האָב איך זיך איבערצייגט, אַז אויב אַלץ וועט בלייבן אַזוי ווי עס איז, דעמאָלס וועט אים זיכער געלינגען צו פאַרסמען זייער בלוט. ווי אַרום ער וועקט דאָס די קנאה און די שנאה און דעם האַס ביי די גוים איז מיר גאָר נישט מעגלעך צו שילדערן. ווי טיף עס גרייכן זיינע אינטריגעס אין דעם געביט, צו דעם האָב איך אויך נישט גענוג ווערטער. אָבער דאָס טו איך וויסן. אַז אויב מיר וועלן נישט געהאָלפן ווערן איצט דורך עפּעס אַ נס פון הימל, איז אונדזער סוף אַזוי זיכער, אַזוי ווי איך בין דאָס דער וואָס שרייבט איצט. ווייל דאָ גייט שוין נישט בלויז אין יידישן גוף, דאָ פאַלט ער שוין אָן אויפן יידישן גייסט. דאָ וויל ער אַזוי שטאַרק פאַרמיאוסן די יידן פאַר די גוים, אַז אפילו די גרעסטע קעגן־מיטלען זאָלן שוין נישט קאָנען העלפן. אַרויסגייענדיק פון סינעמאַ האָב איך שוין געוווסט פון וואָס עס באַשטייט דער רשע מיט אַלע זיינע קליינע רשעים צוזאַמען. איך האָב אים געפאָרשט, איך האָב אים דערקענט און איך האָב שוין געוווסט אַרויסגייענדיק פון דאָרט, וואָס איך האָב צו טון, אויב מיט ג־טס הילף וועל איך דערגרייכן מיין ציל.

אין פילם זאָגט דער יוד זיס צו אַ געוויס מיידל: מיר האָבן אויך אַ ג־ט, אָבער דער ג־ט איז אַ ג־ט פון נקמה. די דאָזיקע ווערטער וואָס זענען אריינגעלייגט געוואָרן אין מויל פון דעם אַקטיאָר, וועלכער דאַרף דאָס זיין אַ ייד, זענען שקר וכזב. אונדזער ג־ט איז דער ג־ט וועלכער האָט אַרויסגעזאָגט די ווערטער „זאָלסט ליב האָבן יענעמען ווי זיך אַליין". אָבער איצט דווקא ווייל אונדזער ג־ט איז דער ג־ט פון נקמות, איצט זאָל אונדזער ג־ט באַוויליקן צו קומען אין דעם דאָזיקן געשטאַלט, איצט בעט איך ביי אים,

ג־ט פון נקמות דערשיין־זשע,
זיי נוקם די נקמה פאַר דעם בלוט פון דיינע קנעכט,
און פאַר דיין כבוד און דעם כבוד פון דיין פאָלק,
וואָס איז טמא געוואָרן דורך די גוים
די דאָזיקע מיאוסע און עקלאַהפטע.

דערווייל מערן זיך די קריגערייען ביי אונדז אין שטוב פון טאָג צו טאָג. טראָץ דעם ביטערן סוף פון דעם מענטש, וואָס איז געפאָרן אין דער שווייץ און זיך געמוזט צוריקקערן קיין בריסעל, און צוריקקומענדיק אַהער האָט ער נאָך געדאַנקט טויזנט מאָל, אַז ער האָט לכל הפחות אַהער דער־גרייכט, וויל פונדעסטוועגן, נישט געקוקט אויף דעם אַלעם, מיין מאַמע

פאָרן אין דער שווייץ. און יעדעס מאָל ווען עס איז נאָר פאַראַן די מינדסטע געלעגנהייט דערצו, האָט זי טענות פאַר דעם, וואָס מיר זענען נישט געפאָרן אין לאַנד פון גאָלד און זילבער און פון איילדשטיינער, שווייץ. דעמאָלט וואָלט אונדז נישט געשען דאָס צי עפּעס אַנדערש. און דער טאַטע פון זיין זייט בלייבט אַמאָפּטסטן אויך נישט שטיל, און ער ענטפערט לסוף דער מאַמען מיט שאַרפע ווערטער, אויף וועלכע די מאַמע בלייבט ווידער נישט שולדיק קיין ענטפער. אַמיינסטן ענדיקן זיך די דאָזיקע קריגערייען מיט דעם, אַז דער טאַטע זידלט מיין מאַמעס משפחה, און די מאַמע זידלט דעם טאַטן אַליין, פאַרוואָס ער האָט זי נאָך קיינמאָל אין לעבן נישט געפאָלגט. און יעדעס מאָל, יעדעס מאָל ווען עס קומט פאָר אַ שטרייט, אָדער קריגעריי צווישן מיינע עלטערן, ווער איך אויפגערעגט און ווידער באַזעצט זיך אין מיין האַרץ א פרישע שנאה צו א געוויסער גרופּע מענטשן, און דאָס איז א שנאה צו די וואָס זיי זענען שולדיק אין די קריגערייען צווישן מיינע עלטערן.

איך טראָג נישט קיין שום אמתע שנאה צו קיין שום טייל פון אונדזער פאָלק. איך האָב זיי אַלע ליב, אַפילו די סוחרים וואָס זייער באַשעפטיקונג האָב איך פיינט, פונדעסטוועגן האָב איך זיי אליין ליב ווי די אַנדערע זין פון אונדזער פאָלק. נאָר איין טייל האָב איך פיינט תכלית שנאה. זיי זענען דאָס די שולדיקע אין אמווינציקסטן פופציק פראָצענט אומגליקן פון דעם משפחה־לעבן פון דעם פריערדיקן דור און אויך טיילווייז פון איצטיקן דור. דער דאָזיקער טייל — דאָס זענען די שדכנים. זיי און נאָר זיי זענען די אייג־ציקע שולדיקע אין די קריגערייען וועלכע קומען איצט פאָר אין אונדזער משפחה. זיי וואָס האַנדלען מיט ליבע, וועלכע איז לויט אַ סך חכמים די געהויבנסטע זאַך אין דער וועלט. זיי באַ־גייען זיך מיט איר ווי מיט סחורה. און דאָס פאַמיליע־לעבן וואָס זיי בויען אויף אזא צעטרייסלטן יסוד, איז, זעלבסטפאַרשטענדלעך, ווי דער יסוד אליין. אויף זייער קאָפּ וועט זיין די דאָזיקע זינד. און עס איז מיר זייער שווער צו גלויבן, אז עס איז נאָך פאַראַן א תשובה פאַר דעם. תשובה קאָן נאָר טאָן דער, ווער עס זעט די רעזולטאַטן פון די מעשים וואָס ער האָט אָפּגעטאָן. אָבער וואָס וועל איך רעדן וועגן תשובה פון די דאָזיקע רוצחים. וואָרעם ווען זיי זעען, אז א שידוך האָט נישט „עלה יפה" געווען, קוקן זיי דערויף ווי אויף אַ געשעפט, וואָס האָט זיך נישט אַזוי איינגעגעבן ווי זיי האָבן פאָראויס גע־רעכנט. זאָל זיי באַצאָלט ווערן פאר דעם גאַנצן שלעכטס, וואָס זיי האָבן גורם געווען, אויב עס איז נאָך מעגלעך דערפאר א באַצאָלונג.

די לעצטע טעג האָב איך קיין סך נישט געטאָן און נישט געלערנט. די צייט גייט אוועק מיט גאָרנישט. אָבער דאָס איז נישט וויכטיק. מיט איין מאָל וועל איך זיך נוקם זיין אין דער צייט און איך וועל מיט איין מאָל טאָן מער, ווי איך האָב פארפעלט אלע מאָל. דערווייל האָבן מיר נאָכנישט דערהאַלטן די

אויפנהאלטס־דערלויבעניש. דאָך איז דער טאַטע פול מיט האָפענונג און ער דערוואַרט יעדן טאָג זיי צו דערהאַלטן. פאַרשטייט זיך, אז אויך דאָס איז א מקור פון קריגערייען. אָבער ווען מיר וועלן באַקומען די דערלויבעניש וועלן זיך די קריגערייען איינשטילן און אפשר וועלן זיי אינגאַנצן אויפהערן. זייענדיק היינט אין דער ביבליאָטעק בכדי צו נעמען עטלעכע ביכער, האָב איך געהערט פון דעם מענטש, וואָס גיט אַרויס די ביכער, אז די רעקיסטן האָבן שוין אין די פאַרגאַנגענע נעכט עטלעכע מאָל געפּרווט אונטערצוצינדן די גרויסע שול, אָבער ביז איצט האָט עס זיי זיך נישט איינגעגעבן צו טאָן.

15 דעצעמבער

היינט האָבן מיר באַקומען די דערלויבעניש. די זאַך איז געווען אזוי. אינדערפרי בין איך אַרויס אין שטאָט. צוריקקומענדיק פון דאָרט זענען מיר די שיזעסטער אנטקעגנגעגאַנגען און מיר געזאָגט, אז איך דאַרף זיך איילן גיין אין דער שטאָט־פאַרוואַלטונג. איך בין געלאָפן צו דער באַן און נאָך א האַלבער שעה בין איך שוין געווען אין דער שטאָט־פאַרוואַלטונג בריסעל, די הויפּט־שטאָט פון בעלגיע. דאָרט האָט געוואַרט אויף מיר דער מענטש, וואָס ער איז איינער פון די דערליידיקער פון דעם דאָזיקן ענין פאַר אונדז. ווען איך בין אָנגעקומען האָט מיר דער מענטש געזאָגט, אז איך זאָל צוואַרטן עטלעכע מינוט, ווייל ער דאַרף גיין רופן מיין טאַטן. נאָך א פערטל שעה זענען זיי ביידע געקומען אין דער שטאָט־פאַרוואַלטונג און איך בין דאָרט אהין אריינגעגאַנגען מיטן „מאַכער" און מיטן טאַטן. נאָכן ווידער אָפּוואַרטן אַן ערך א פערטל שעה זענען דער טאַטע מיטן „מאַכער" אַרויס פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג און איך בין זיי נאָכגעגאַנגען. אין דרויסן האָט מיר דער טאַטע געזאָגט, אז ער האָט עפּעס א שטיקל חלוקי דעות מיטן „מאַכער" און אז ער דאַרף מיט אים גיין איצט צו דעם פאַרמיטלער, וועלכער איז אויך איינער פון די מאַכערס.

דער טאַטע האָט מיר אויך געזאָגט, אז אזוי ווי דער פאַרמיטלער רעדט מיטן מאַכער, וועלכער רופט זיך מעסיע מאַקס, פראַנצויזיש, א שפּראַך וועלכע מיין טאַטע פאַרשטייט נישט, דאַרף איך מיטגיין דעריבער מיטן טאַטן און דעם דאָזיקן מאַקס צום פאַרמיטלער בכדי דעם טאַטן צו פאַרטייטשן אַלץ וואָס דער פאַרמיטלער רעדט מיטן מעסיע מאַקס. ביי דעם פאַרמיטלער איז דער גאַנצער עסק דערליידיקט געוואָרן און דער טאַטע מיט מיר זענען צוריק אהיימגעקומען מיט פיר אויפהאַלטס־דערלויבענישן. די דערלויבענישן וואָס מיר האָבן איצט באַקומען זענען, לויטן פאַרמיטלערס רייד, גילטיק ביז איבער דער מלחמה. נאָך דריי חדשים דאַרפן מיר צוגיין אין דער שטאָט־פאַרוואַלטונג זיי צו פאַרלענגערן אויף זעקס חדשים, און נאָך די זעקס חדשים ווידער אויף זעקס חדשים, און אזוי ווייטער. אזעלכע באַשייניקונגען האָבן אַלע אויס־

לענדישע אונטערטאַנען. צווישן מיין גיין אין דער שטאָט־פאַרוואַלטונג און דעם צוריקקומען פון פאַרמיטלער איז שוין פאַרגאַנגען דער גאַנצער טאָג. עס איז שוין געווען פינצטער און דורך דעם האָב איך פאַרשטענדלעך נישט געקאָנט קיין סך היינט טאָן.

נאָך אין אָונט האָב איך אָנגעהויבן לייענען א מאמר אין דער „תקופה״ פון ש. בערנפעלד אויפן ספר יהושע. איידער איך האָב געלייענט דעם דאָזיקן מאמר, האָב איך געלייענט, דאַכט זיך מיר, אז נעכטן, אַ מאמר וועגן א בוך פון דעם אנטיסעמיט פרידריך דעליטש. לייענענדיק איצט דעם מאמר פון בערנפעלדן האָט מיך נישט אָפּגעלאָזט דער איינדרוק, אז דאָ האָט שמעון בערנפעלד געוואָלט פאַרענטפערן די טענות, וואָס די אנטיסעמיטן זענען געווינט ארויסצוציען פון דעם תנ״ך קעגן די יידן. לויט מיין דעה דאַרף מען כלל וכלל נישט אויף דעם אופן זיך שיצן קעגן די טענות פון די אנטיסעמיטן, אויב מען דארף אויף זיי בכלל ענטפערן. יעדנפאַלס דאַרף מען נישט אָנהויבן מיט דעם תנ״ך און זאָגן, אז די כוונה איז נישט געווען אזא, אָדער די דאָזיקע זאך איז גאָר קיינמאָל נישט געווען, אָדער זי איז נאָר אַן אויסטראַכטעניש א.א.וו. דאָס איז נישט דער וועג פון בכבודיקן באשיצן זיך, ווייל דאָס איז אַ גרויס צוריקציען זיך. אויב די אַנטיסעמיטן האָבן טענות צום תנ״ך זאָלן זיי גיין צו די פירערס פון זייערע קירכעס און זיי זאָלן זיך זיי פרעגן, פאַרוואָס האָט מען איבערגעזעצט דעם תנ״ך אויף די שפּראַכן וועלכע זיי רעדן. קיין איין ייד האָט זיי נישט געבעטן דאָס צו טאָן, און דאָס יידנטום האָט נישט בדעה — און נאָך א סך ווייניקער איז עס אין זיין גייסט — — צו זיין ווי די אפּאָסטאָלן, ארומגיין איבער דער וועלט צו געבן צו די פעלקער די תורה, אָדער די מאָראַל פון דער תורה. אפשר, אפשר האָט ש. בערנפעלד גאָר נישט געמיינט דאָס, וואָס איך האָב אויבן געשריבן, אָבער עס איז מיר זייער שווער דערין צו גלויבן.

אין די לעצטע טעג האָב איך קיין סך נישט געלערנט אָדער געטאָן פאַר מיין אלגעמיינער אַנטוויקלונג. איך וויל מאכן א פּראָגראַם פאַר יעדן טאָג און טאָג איך זאָל האָבן אלץ סיסטעמאַטיש אויסגעלייגט וואָס איך וויל טאָן יעדן טאָג. איך וועל זיך זייער באמיען דאָס צו מאכן.

## אינדערפרי 18 דעצעמבער

אין די צוויי פאַרגאַנגענע טעג האָב איך גאָרנישט געטאָן אין יידישע זאַכן. איך האָב נישט געלערנט קיין תנ״ך, נישט געלייענט קיין שום מאמרים. שוין מיט א וואָך צוריק האָב איך זיך אָנגעהויבן לערנען אראַביש. אָבער ווייל איך האָב מורא געהאט, אז איך וועל נישט זיין גענוג שטאַרק און אויסגע־

האלטן, האָב איך דאָס נישט געוואָלט פאַרצייכענען. אָבער איצט, יוען איך קען שוין לייענען אראביש און איך האָלט שוין ביי דער ערשטער לעקציע, וועל איך דאָס פאַרצייכענען. אָבער דורך דעם וואָס איך האָב אָנגעהויבן לערנען אראביש, האָב איך נישט געקאָנט לערנען עפּעס אנדערש. ווייל אין די ערשטע טעג איז מיר נויטיק א גאַר ספּעציעלער שטויס דערצו, ווייל דער אָנהויב איז מיר זייער שווער אָנגעקומען. איך האָב געקאָנט לייענען א געוויס וואָרט און עס פאַרשטיין און דערנאָך, ווען איך האָב עס איבערגעחזרט, איז עס נאָך אַלץ געווען ווי ניי אין מיינע אויגן. ערשט נאָך דעם ווי איך האָב עס געלייענט דריי־פיר מאָל, האָב איך עס פאַרענדיקט און עס גוט פאַרשטאַנען. אָבער אין מיין גאנץ לערנען זיך האָב איך נישט געפונען דעם מינדעסטן נחת רוח. דאָס לערנען האָט נישט געקאָנט באַפרידיקן. איך האָב תמיד געפילט אז עס פעלט מיר עפּעס, און נאָר די זאַך קאָן מיר געבן גייסטיקע באַפרידיקונג. די דאָזיקע זאַך איז דער תנ״ך. איך פיל, אַז ווען איך וועל לייענען און לערנען תנ״ך וועל איך מער נישט האָבן אזויפיל ספקות. אָבער ווי אזוי זאָל איך אָנהויבן לערנען תנ״ך. וואָרעם איך האָב דאָך שוין עטלעכע מאָל געפּרוווט אים אָנהויבן לערנען, אָבער נאָך אַ געוויסער צייט לייענען אין אים, האָב איך געפילט, אז ער אינטערעסירט מיך נישט מער, ווייל א חוץ דעם ספר דברים און דאָס רוב פון די נביאים אחרונים האָב איך נישט געפונען מער אין אים קיין שום נייקייט. און איצט איז מיין מצב ענלעך אַזוי: פון איין זייט וויל איך מיטן גאנצן הארץ און מיט דער גאנצער נשמה לערנען דעם תנ״ך, און פון דער צווייטער זייט געפין איך אין אים נישט קיין שום זאַך וואָס זאָל מיך באמת אין אים פאַראינטערעסירן. א חוץ די זאכן וועלכע איך האָב אויבן דערמאָנט, וואָס פון זיי האָב איך דעם ספר הדברים געלערנט צוויי מאָל און אפילו דריי מאָל. דעריבער האָב איך באשלאָסן צו מאכן אזא התחלה: איך וועל יעדן טאָג און טאָג לערנען א חלק, אָנהויבנדיק פון בראשית, לאָמיר אָננעמען פון א׳ ביז ב׳.

אין אזא אופן וויל איך זיך נייטן צו לערנען תנ״ך, און איך צווייפל נישט, אַז פאַוואָליע און פאמעלעך וועט אויך קומען די פאַראינטערעסירונג צו פאָרשן און צו געפינען אין אים אזוי ווי עס האָט אים געפאָרשט מיין לערער. און פון מיין ג־ט וועל איך בעטן ער זאָל מיך דערנענטערן צו זיין תורה אזוי ווי איך בעט דאָס טאָג ביי טאָג. און אפשר וועט אין מיר מקוים ווערן די הבטחה וועלכע ג־ט האָט געגעבן צו יהושוען אין די ווערטער: און דעמאָלט וועסטו באגליקן, נישט נאָר אין דער תורה, נישט נאָר אין ג־טס ווערטער אליין, נאָר דעמאָלט וועסטו באגליקן אין אלץ.

איך האָב שוין אויבן געשריבן, אַז איך האָב אָנגעהויבן לערנען אַראַביש. פאַרשטייט זיך, אַז איך לערן די דאָזיקע שפּראַך נישט פשוט ווייל זי איז מיר געפעלן געוואָרן, אָדער עפּעס ענלעכס צו דעם. איך האָב אָנגעהויבן —

און איך וויל זייער אויך ענדיקן — לערנען די דאַזיקע שפּראַך, ווייל א גרויסער טייל פון די ארץ־ישראל־איינוווינער און אירע שכנים רעדן די דאַזיקע שפּראַך. און אין שייכות מיטן ציל וועלכן איך האָב זיך געשטעלט, ווי איך האָב שוין אויבן געשריבן, דאַרף איך זייער און זייער קענען לכל הפחות רעדן אין דער דאָזיקער שפּראַך. זי איז מיר א סך גוויטיקער ווי די אַלע שפּראַכן, וועלכע מען האָט מיך געלערנט אין דער שולע. עס איז דאָך פון זיך אַליין פאַרשטענדלעך, אַז אין דער ערשטער ריי דאַרפן מיר לעבן בשלום מיט אונדזערע ברידער, די זין פון ישמעאלן, וואָס זיי זענען דאָך אויך דער נאָכוווקס פון אברהם. אַזעלכע זאַכן, וואָס האָבן זיך געטראָפן פאַר דער מלחמה, ווי די שרעקלעכע פּאָגראָמען, וואָס האָבן אַזוי אָפּגעשראָקן די עולים, טאָרן זיך מער נישט איבערחזרן. איך בין זיכער, אַז די אַלע זאַכן וואָס זענען געשען פאַר דער מלחמה, דאָס הייסט אַלע פּאָגראָמען, זענען געשען דורך אויפהעצונגען פון דייטשלאַנד אָדער איטאַליע. און אויף זייער קאָפּ וועט צוקומען און פאַלן אויך די שטראָף פאַר די אַלע, וואָס זענען געטויט געוואָרן אין ארץ־ישראל דורך די אַראַבער. אָבער איך מיין, אַז אויב לכל הפחות די יידישע מנהיגים וואָלטן זיך געלערנט אַראַביש און זיי וואָלטן זיך געקאָנט צונויפרעדן מיט די אַראַבישע פירער. דעמאָלט, זעט זיך מיר אויס. אַז עס וואָלט נישט געקומען צו די אַלע זאַכן, וואָס האָבן זיך געטראָפן. דעריבער שטרעבט איך זיך זייער אָן צו דערלערנען די דאָזיקע שפּראַך.

נישט לייכט איז מיר אָנגעקומען צו קריגן א בוך צו לערנען זיך די אַראַבישע שפּראַך. איך האָב געמוזט א סך זוכן אין די געשעפטן, אין וועלכע מען פאַרקויפט ביכער. און אויך נאָכן זוכן אין די אַלע געשעפטן האָב איך נאָך אַלץ נישט געקאָנט דאָס באַקומען. נאָר אין איין גרויס געשעפט האָב איך געקאָנט באַשטעלן אַזאַ בוך. אָבער איך האָב געמוזט קומען נאָך דעם בוך אין א חודש־צוויי אַרום, ווייל דאָס בוך האָט באַדאַרפן אָנקומען פון דייטשלאַנד. נאָך א חודש האָב איך ווירקלעך באַקומען אַזאַ בוך, אָבער נישט דאָס, וועלכעס איך האָב באַשטעלט. עס איז געווען זייער קליין. פונדעסטוועגן האָב איך עס גענומען און איך האָב תיכף אויפן אָרט באַשטעלט נאָך א לערן־בוך פון דער אַראַבישער שפּראַך, אָבער דאָסמאָל פון פראַנקרייך. אויך דאָס וועט דויערן אַנדערטהאַלבן חדשים. און כאָטש איך קאָן נישט גענוג גוט פראַנצויזיש, איז אויב איך וועל מיר נאָך קויפן א ווערטער־בוך, וועט מיר אפשר געלינגען אויך צו לערנען פון דעם בוך. דאָס ביכל וואָס איך האָב איצט דערהאַלטן פון דייטשלאַנד איז זעלבסטפאַרשטענדלעך אין דער שפּראַך פון דייטשלאַנד: דייטש. און כאָטש איך קען די דאָזיקע שפּראַך בעסער ווי פראַנצויזיש, איז טראָץ דעם מיר זייער שווער דאָס לערנען אין איר. בפרט אַז דאָס בוך איז געדרוקט מיט גאָטישע אותיות. דאָס הייסט מיט דייטשע אותיות, אין וועלכע איך קען זיך נישט גענוג גוט אויס. אָבער אויך אין דער דייטשער

שפראַך גופא בין איך נישט גענוג שטאַרק באַהאַוונט. אַז איך זאָל קענען פון איר לערנען א צווייטע שפראַך, וואָרום אַ סך ווערטער פאַרשטיי איך נישט. און כאָטש איך האָב א האָלענדיש־דייטש און דייטש־האָלענדיש ווערטער־בוך, איז מיר נאָך אַלץ שווער זי צו דערלערנען, ווייל דאָס ווערטער־בוך איז זייער קליין (עס האָט מיך געקאָסט פינף פראַנק) און יעדעס וואָרט וואָס איך דאַרף עס, איז דאָרט נישט פאַראַן. אָבער איך וועל זיך נישט מיאש זיין. פאַרקערט. איך וועל זיך אָנשטרענגען און זיך שטאַרקן, ווייל די דאָזיקע שפראַך איז מיר זייער נויטיק צו דעם ציל, וועלכן איך האָב פאַר זיך.

דורך די באַשייניקונגען וועגן אונדזער אויפהאַלטס־רעכט דאָ, וועלכע מיר האָבן פאַר צוויי טעג צוריק באַקומען, איז אונדז געוואָרן א ביסל לייכטער. כאָטש מיין מאַמע איז נאָך נישט אינגאַנצן דערפון צופרידן, פונדעסטוועגן מורמלט זי נישט אזוי פיל אויפן טאַטן ווי פריער. אויב עס וועט אמת זיין אַזוי ווי עס האָט אונדז געזאָגט דער פאַרמיטלער, אַז די דערלויבענישן וועלכע מיר האָבן דערהאַלטן וועלן זיין גוט ביז נאָך דער מלחמה, דעמאָלט וועט מיין טאַטע גאָרנישט היזק האָבן פון דעם עסק וואָס ער האָט געמאַכט, ווייל איצט באַקומען מיר אויך באַקליידונגס־ און באַשפייזונגס־קאַרטן, וואָס וואָלטן געקאָסט א סך געלט, ווען מיר דאַרפן זיי קויפן.

איך האָב געהערט, אַז קיין בריסעל זענען אָנגעקומען די ערשטע בריוו פון אונדזערע ברידער, וואָס זענען פאַרשיקט געוואָרן אין די מזרח־לענדער. אַ טייל בריוו איז געקומען פון פוילן און א טייל פון שלעזיען. אין די מערסטע בריוו איז געשריבן, אז די יידן מוזן שווער אַרבעטן, אָבער דאָס עסן וואָס זיי באַקומען איז נישט אַזוי שלעכט ווי מיר האָבן פריער געטראַכט. אין טוניס, ווו עס הערשן איצט די דייטשן און די איטאַליענער, האָט מען אַלע יידן גענומען אין אַרעסט.

## אינדערפרי, 22 דעצעמבער

פרייטיק, נאָענט צום אָנקומען פון שבת, האָב איך זיך אַוועקגעזעצט נאָך לערנען א ביסל אַראַביש. ווען איך האָב שוין געוואָלט ענדיקן, איז צוגעקומען צו מיר דער טאַטע און געזאָגט, אַז ער האָט נישט קיין גוטע ידיעות. ער האָט געהערט, אַז א סך יידן גייען אויס, און ביי הונדערט טויזנט זענען שוין אומגעקומען. הערנדיק די דאָזיקע שלעכטע בשורה, האָב איך אויפגעציטערט ביז גאָר. דאָס האַרץ האָט זיך מיר צונויפגעקלעמט, איך האָב נישט געוווּסט וואָס טאָן פון גרויס טרויער. איך האָב געאַנט, אַז אין א געוויסן טאָג וועט קומען די דאָזיקע בשורה, שוין א צייט לאַנג האָב איך פאַר איר מורא געהאַט, אָבער איך האָב געהאָפט, אז אפשר האָט מען גענומען די יידן צו אַרבעטן מיט זיי און דערפאַר וועט מען זיי געבן גענוג עסן און גענוג קליידונג און גענוג ערטער צום שלאָפן, זיי זאָלן נישט אומקומען. אָבער מיט איין מאָל איז פון

דער דאָזיקער האָפֿענונג גאָרנישט געבליבן. אויך די לעצטע האָפֿענונג איז אַוועק מיטן ווינט.

און אַזוי ווי דער טאַטע וואָלט מיר נאָך געוואָלט שיטן זאַלץ אויף מיינע ווונדן פֿון טרויער און ווייטיק, האָט ער נאָך צוגעגעבן צו דער שלעכטער בשורה, אַז ענגלאַנד, אַמעריקע, רוסלאַנד און נאָך אַנדערע לענדער * די דאָזיקע ווילדקייטן. זיי, די מיוחסים, די גוטע, די בעסערע ; די, וואָס זענען נישט בעסער אויף קיין האָר פֿון די דייטשן און וואָס נאָר דורך זיי האָט געקאָנט קומען צו אַזאַ גרויס אומגליק. און דאָס אכזריותדיקע רוסלאַנד, וואָס איז אויך צווישן די קעגנער, האָט שוין פֿאַרגעסן די צענדליקער, צענדליקער טויזנטער יידן, וואָס זענען דערמאָרדעט געוואָרן אונטער איר הערשאַפֿט און אַמיינסטן אויך פֿון איר ווילן, דאָס רוסלאַנד וואָס איר לאַנד ווערט אין דער איצטיקער מלחמה חרוב און פֿאַרוויסט, וואָס דאָס איז בלי ספק פֿאַר איר אַ באַצאָלונג, אויך זי דאַרף זיך העפֿטיק קעגנשטעלן די אַלע דייטשע ווילדקייטן, אָבער עס איז דאָך אַזוי ווי אַלע וואָלטן געלאַכט פֿון אונדזער אומגליק און פֿון אונדזער בראָך.

איך האָב נישט געוווּסט וואָס צו טאָן. איך האָב זיך מיט יעדן אַרומגעריסן און זיך געקריגט. פֿון גרויס טרויער און ווייטיק האָב איך נישט געוווּסט וואָס טוט מען. פֿון מיינע ברידערס אַזוי פֿיל צרות, האָב איך געוואָלט זיין צווישן זיי, ליידן צוזאַמען מיט זיי און אפֿילו שטאַרבן האָב איך געוואָלט. ווייל איך האָב אפֿילו נישט געקאָנט הערן וועגן אונדזערע גרויסע אומגליקן, וואָס דערגייען ביזן הימל. קעגן **.... ***.... רעדנדיק מיט מיין טאַטן וועגן חסידות — ער איז אַ שטיקל חסיד און ער גאַרט נאָכן גערער רבין **** אַזעלכע זאַכן. און איצט האָבן זיי. אוי, ווי גרויס זענען אונדזערע אומגליקן, ווי גרויס, ווי גרויס! איך האָב גענומען מיין תנ״ך, דאָס איינציקע ספֿר וואָס איך האָב אַרויסגעראַטעוועט פֿון מיין היים, צו געפֿינען אין אים אַ ברעקל טרייסט. איך האָב איבערגעבלעטערט גאַנץ תורה, יהושע, שופֿטים און נאָך ווייטער. אָבער די מינדסטע טרייסט נישט געקאָנט דאָרט געפֿינען. איך האָב געבלעטערט ווייטער און ווייטער און זיך פֿאַרהאַלטן סוף כל סייף ביי... איכה. ווי אַזוי איז געבליבן זיצן אַליין די שטאָט פֿול פֿון פֿאָלק... אין דעם האָב איך געפֿונען אַ טרייסט. נישט אין דער תורה מיט אירע געהויבענע מצוות און נישט אין די ספֿרים פֿון די נביאים אחרונים, נישט אין ישעיהו מיט זיין פּאַטעטישער שפּראַך פֿולע מיט מליצות האָב איך געפֿונען טרייסט צו די אומ־

---

* אַ ליידיק אָרט, די גרויס פֿון איין וואָרט.

** דער עק פֿון בלאַט איז אָפּגעריסן.

*** אַ האַלבע בערך שורה איז פֿאַרמעקט.

**** זעקס שורות זענען אויסגעמעקט.

גליקן פון מיין פאָלק, נאָר אין איכה, די קינה אויף דעם בראַך פון מיין פאָלק, דאָרט האָב איך זי געפונען. דאָס וואָס איך האָב נישט געהאַפט און דאָס וואָס איז מיר נישט איינגעפאַלן — אין די אומגליקן פון מיין פאָלק אין די פאַרגאַנגענע צייטן האָב איך געשעפּט נחמה. און ווען איך האָב געענדיקט דאָס קלאָג־ליד, זינגענדיק מיטן ניגון פון תשעה־באב די ווערטער

ברענג אונדז ג־ט צוריק צו זיך
און מיר וועלן זיך אומקערן
באַניי אונדזערע טעג היינט ווי אַמאָל

האָב איך זיך דערמאָנט אין מיין רבינס ווערטער, מר גרעבל (ווער ווייס ווו ער איז איצט), וועלכן איך האָב אַזוי ליב. ער האָט מיך געלערנט פון דעם דאָזיקן פסוק: ברענג אונדז ג־ט צוריק צו זיך און מיר וועלן זיך אומקערן. ווען דו ג־ט וועסט אונדז צוריקברענגען צו זיך, דעמאָלט וועלן מיר זיך אומקערן, דעמאָלט און נאָר דעמאָלט איז פאַראַן די מעגלעכקייט. אַז מיר זאָלן זיך אומקערן צו דיר, ווייל מיר זענען אַזוי אַראָפּ און פאַרזונקען אין זומפּ, אַז פון זיך אַליין וועלן מיר דאָס נישט דערגרייכן. אַזאַ איז די אמתע כוונה פון די דאָזיקע ווערטער. און אויב זיי האָבן ווען דאָס איז געהאַט אַן אמתן זין, איז עס נאָר היינט, אין דער צייט פון דעם אומגליק אין וועלכן מיר געפינען זיך איצטער. און אַזוי איז עס אויך מיטן לעצטן פסוק, אַזוי ווי ער וואָלט נישט געווען געזאָגט ווי נאָר פאַר דעם היינט.

האָסט געצאָרנט אויף אונדז ביז גאָר.
ווייל פאַראַכטן האָסט דו אונדז פאַראַכטעט.
יאָ, האָסט געצאָרנט אויף אונדז ביז גאָר, ביז גאָר, ביז גאָר...

דאָס וואָס איך האָב געשריבן דאָס לעצטע מאָל, אַז איך וועל יעדן טאָג לערנען תנ״ך, האָב איך ביז היינט אויסגעפירט, אָבער איך האָב אין אים גאָרנישט געפונען. די פּאָרכטיקע אומגליקן זענען ווי אַ פאַרקלענער־גלאָז. וואָס גרעסער עס ווערט דאָס אומגליק, אַלץ קלענער ווערן די זאַכן וואָס זענען אַרום מיר. אַלץ ווערט וואָס אַמאָל קלענער און קלענער. איך האָב זיך געטראַכט, וואָס האָב איך נאָך פון דעם גאַנצן ספר בראשית. האָבן דאָך די אַלע ווערטער נישט דעם מינדעסטן זין אין דער איצטיקער צייט. זיי זענען באמת פון אַ גאָר קליינעם ווערט. איך האָב זיך אָבער דערמאָנט אין דעם מענטשן, וואָס פלעגט שטענדיק קומען צו אונדז נעמען די וועש צו וואַשן, ווען מיר זענען נאָך געווען אין האַג. אין דער צייט פון דער מלחמה האָבן זיי געהאַט אַ סך אַרבעט און נישט געווען להוט נאָך קליענטן. איינמאָל איז געקומען צו אונדז דער מענטש, וואָס איז געווען אַן אָנגעשטעלטער אין דער וועשעריי, נעמען די וועש ביי אונדז. אָבער זי איז נישט געווען צוגעגרייט און איך האָב אים געבעטן קומען נאָך אַמאָל. האָט ער געזאָגט צו מיר: אייגנטלעך דאַרף איך נישט קומען נאָך אַמאָל, ווייל מיר האָבן גענוג און איבערגענוג

קליענטן, דאָך וועל איך דערפילן דיין ביטע, ווייל נאָך דער איצטיקער צייט וועט נאָך קומען אַן אַנדערע צייט. און אויב דער דאָזיקער אָנגעשטעלטער האָט עס געזאָגט אין שייכות צו וועש, על אחת כמה וכמה איז עס אַזוי אין שייכות מיט דברי תורה און מיט אַנדערע זאַכן, וואָס אין דער שלום־צייט זענען זיי מיר געווען הייליק.

נעכטן בין איך געווען ביים אָנפירער פון יתומים־הויז. נישט איך בין געווען, נאָר די מאמע און איך זענען געגאַנגען צו אים און איך האָב גע־ווארט אין דרויסן. אהיימקומענדיק האָב איך געפרעגט דער מאַמען: וואָס פארא נייעסן האָט ער דיר דערציילט, מאַמע. זי האָט מיר געענטפערט עט־לעכע ווערטער וועגן פאָרן אין דער שווייץ און אויך אַנדערע זאַכן, צווישן זיי האָט זי מיר דערציילט, אַז היטלער האָט געשלאָסן אַן אָפּמאַך וועגן די יידן, צי מיט די יידן, אַז ביז ניטל וועט ער קיין יידן נישט נעמען. איך האָב זיך געטראַכט, אַז די דאָזיקע זאַך איז איינס פון די וויכטיקע באווייזן ווי גרויס עס איז אונדזער אומגליק.

## 24־טער דעצעמבער 1942

אין די פארגאנגענע טעג האָב איך אינגאנצן נישט געהאַט וואָס צו שריי־בן. עס איז גאָרנישט מיר געשען, און קיין שום זאַך האָט נישט געמאַכט אויף מיר דעם מינדעסטן איינדרוק. און אין דער אמתן, ווי אַזוי קאָן עפּעס מאַכן אויף מיר אַ רושם, ווען אַלץ איז מיר גלייכגילטיק, אַלץ גלייכגילטיק. קיין שום זאַך וואָס איך לייען הויבט אין מיר נישט ארויס קיין שום געדאַנקען, רופט נישט ארויס קיין פאַראינטערעסירונג צו זיך.

זייענדיק די וואָך מאָנטיק אין דער העברעאישער ביבליאָטעק, האָב איך נישט געוווסט וואָס איך זאָל נעמען צו לייענען. איך האָב אדורכגעקוקט אלע נעמען פון די מחברים און די נעמען פון די ביכער אין קאטאלאָג. אָבער אין דער אמתן האָב איך קיין שום זאך נישט געזען, די אויגן זענען נאָר אריבער־געגאַנגען איבער דעם, קיין זעען מיטן הארץ, דאָס הייסט, איך זאָל זיך אריינ־פילן אין דעם, וואָס איך זע. דאָס איז נישט געווען. אזוי בין איך אדורכגע־גאַנגען דעם קאטאלאָג. פּלוצים האָב איך באמערקט דעם נאָמען „צפירה״. איך האָב זיך א טראַכט געטאָן, לאָמיך נאָר נעמען דאָס, אפשר איז אין דעם עפּעס פּאַראַן. דאָס דאָזיקע בוך איז אַ באנד לכבוד דעם יובל פון דער דאָזי־קער צייטונג. איך האָב עס אהיימגענומען און נאָך עטלעכע טעג האָב איך ליגנדיק אין בעט גענומען דאָס בוך. איך האָב געבלעטערט אין אים: איך האָב געזען דעם נאָמען חז״ס ביי טויזנט מאָל, אזוי ווי ער וואָלט געווען דער גאון פון די גאונים. אַלע האָבן אים געלויבט, אַלע האָבן אים דערהויבן צו אַ מוסטער. לייענענדיק אזוי אלע לויבן און די פּארערונגען און די אנדערע ווונטשן און די דערהייבונגען, מיט וועלכע מען האָט אים דערהויבן צוליב

דעם וואָס דורך עפּעס אַ צופאַל פון צופאַלן איז ער געווען דער גרינדער פון דער הצפירה, אַ טאָג־צייטונג מיט וועלכער ער האָט זיך געוואָלט דער עיקר באַנוצן ווי אַ מקור צו באַקאָנען די יידן מיט די נאַטור־וויסנשאַפטן (זייער אַ וויכטיקער געדאַנק), האָב איך זיך געטראַכט, אַז די דאָזיקע מענטשן, וואָס שרייבן דאָס אַלץ, זענען באמת קינדער. אַלע קליינע און קליינטשיקע. אויף זאַכן, וואָס זענען נישט ווערט, אַז מען זאָל אויף זיי אַרויסברענגען אפילו איין וואָרט פון מויל, האָבן זיי אַוועקגעגעבן טעג און יאָרן. אָבער, האָב איך געטראַכט ווייטער, אייגנטלעך זענען דאָך זיי נישט שולדיק אין דעם, אַז עס איז געקומען אַזאַ עת־צרה צו יעקבן, צו די יידן. וואָרעם זיי האָט דאָך דאָס אפילו נישט געקאָנט קומען אויפן געדאַנק. מען דאַרף נישט צווייפלען אין דעם, אַז אין זייער צייט זענען די ענינים, איבער וועלכע זיי האָבן גערעדט, געשריבן אָדער געהאַלטן רעפעראַטן געווען באמת אינטערעסאַנטע. אָבער אָן שום צווייפל האָבן זיי איצט נישט מער קיין רעכט צו פאַרנעמען ביי אונדז אפילו אַ זיבעציקסטל פון אונדזערע געדאַנקען.

איין זאַך האָט מיך דורכגעשטאָכן ביז גאָר, ווען איך האָב עס דאָרט גע־לייענט. אויפן באַנקעט (!!) האָט אויך געהאַלטן אַ רעדע דער הויפּט־רעדאַק־טאָר פון דער „הצפירה", וועמענס יובל מען האָט געפייערט. אין דעם סוף פון זיין רעדע האָט ער געזאָגט די ווערטער:

„מען זאָגט, אַז אַ צייטונג דאַרף זיין אַ וועג־ווייזער, אָבער דעם וועג האָבן שוין געוויזן אַנדערע, ווייל עס איז נישטאָ קיין אַנדערער וועג ווי ארץ־ישראל. וואָס אָן אמת דאַרף מען אומעטום אַרבעטן, ווייל דער רוב פון פאָלק וועט בלייבן אין גלות, נאָר די אויסדערוויילטע, דאָס זעמל־מעל פון פאָלק וועט אַריבער קיין ארץ־ישראל און משפיע זיין אויפן גאַנצן פאָלק ישראל".

איצט, אין דער דאָזיקער צייט קאָנען מיר אורטיילן וועגן דער, איך קאָן כמעט זאָגן, העזה פון די דאָזיקע מנהיגים. באמת מיט אַ העזה, וואָס קיין גרעסערע פאַר איר קאָן גאָרנישט זיין, נעמען זיך די דאָזיקע „גדולים" דאָס רעכט צו זאָגן ווער עס וועט יאָ אַריינגיין און ווער עס וועט נישט אַריינגיין אין ארץ־ישראל. און זיי וועלן דאָס פּסקנען די שאלה, ווער עס איז דאָס זעמל־מעל און ווער עס איז דאָס פּסולת, די פּלעווע. מיר איז נענטער דער געדאַנק, אַז זיי זענען די פּלעווע, טראָץ זייער גאַנץ געלערנטשאַפט און קלוגשאַפט. אָבער דאָס אַלץ איז שוין מער אויף דער וועלט נישט פאַראַן. נישט זיי „נעמען" זיך, נאָר זיי האָבן זיך „גענומען" דאָס רעכט א.א.וו. איצט נעמט זיך דער אויבערשטער דאָס דאָזיקע רעכט און ער וועט אונדז פירן אינגיכן אין אונדזער לאַנד אַריין. אַלע יידן זענען אויסדערוויילטע, זעמל־מעל. און די, וואָס נעמען זיך די העזה איינצוטיילן די יידן אין אַ טייל, וואָס איז זעמל־מעל און אין אַ טייל וואָס איז עס נישט, אָט די צעטיילער, נאָר זיי זענען דער טייל, וואָס זענען נישט קיין זעמל־מעל, און די אַנדערע, דאָס

הייסט דער כלל ישראל, ער איז דאָס זעמל־מעל. אוי מיין פאָלק, מיין פאָלק ווי ליב איך האָב דיך.

דאָ, אין בריסעל, האָט זיך שוין אָנגעהויבן דער ווינטער. אינדערפרי, ארויסגייענדיק, האָב איך דאָס ערשטע מאָל דערפילט די קעלט פון ווינטער. און תיכף האָב איך אַ טראַכט געטאָן וואָס וועלן טאָן מיינע ברידער אין אַזאַ קעלט. עפּעס אַן איבערנאַטירלעכע שמירה דאַרפן מיר, אויב גאָט וויל אונדז נאָך אויסלייזן. אויב ער וועט אונדז נישט מזכה זיין דורך אַ נס מיט אַזאַ שוץ, מיט אַזאַ שמירה, דעמאָלט האָב איך מורא, אַז נישט קיין סך יידן וועלן אַנטיילנעמען אין דער גאולה. אָבער דער אויבערשטער קאָן אַזוי נישט פאַר־לאָזן זיין פאָלק. ער וועט אונדז זיכער אויסלייזן, אָן שום ספק. ער מוז אונדז אויסלייזן.

מיטן לערנען די אראבישע שפּראַך וואָס איך האָב אָנגעהויבן, בין איך ממשיך יעדן טאָג. דאָס לערנען ווערט וואָס אמאָל שווערער. פונדעסטוועגן וועל איך ווייטער זיך לערנען. ווייל די דאָזיקע שפּראַך איז מיר זייער נויטיק צו דעם ציל, וועלכן איך האָב זיך געשטעלט. באמת איז זייער שווער צו לערנען אלץ פאר זיך אליין, נישט האָבנדיק די מעגלעכקייט צו פרעגן עמע־צן די מינדעסטע זאַך. שוין בלויז צוליבן אויסדרוק, צוליבן קלאַנג, לייען איך שטענדיק אויפן קול בשעת דעם לערנען, ווייל דער עיקר וויל איך זיך לערנען רעדן אראביש. אָבער איך לייען אַזוי אויפן קול כאָפּט מיך פּלוצים אָן אַ ספק, צי זאָג איך גוט ארויס דאָס וואָרט, וועלכעס איך לייען. ווייל די דיקציע איז זייער שווער צו לערנען פון אַ בוך, ווייל אין בוך שטייט גע־שריבן, אַז עס איז שווער זיך אויסצולערנען די אויסשפּראַך פון געשריפטס. למשל פאר די עמפאַטישע אותיות שטייט געשריבן, אַז אָן דערלערנען זיי אין אַ געשפרעך מיט אַ צווייטן, קאָן מען זיי זיך נישט אויסלערנען. און נאָך אַ סך אַזעלכע ענלעכע זאַכן זענען פאראן אין דעם, אָבער וואָס האָב איך דערפון, אַז איך וועל זיי דאָ אלע באשרייבן. דער עיקר איז, אַז שטענדיק ווען איך האָב אביסל צייט נעם איך זיך תיכף לערנען. אַנדערש וואָלט איך געגאַנגען ליידיק, און כאָטש אָפּט פיל איך אין זיך אַ מין געפיל, אַז דאָס גאַנצע לערנען איז נישט מער נאָר אַן אויסדרוק פון בטלנות, אָבער דאָך לערן איך ווייטער, ווען אפילו דאָס לערנען זיך זאָל נישט זיין מער ווי צו פאַר־פולן די ליידיקע צייט.

די פּרשיות, וועלכע איך האָב זיך פאַרגעשריבן צו לערנען זיי יעדן טאָג, לערן איך. אָבער, ווי איך האָב שוין געשריבן ביי אַ טויזנט און איין מאָל, זיי מאַכן אויף מיר נישט דעם מינדעסטן רושם.

### 28־טער דעצעמבער 1942

אין די לעצטע טעג איז גאָרנישט געשען נישט מיר און נישט מיין מש־

פחה. יעדן טאָג הייבן מיר זיך אויף, מיר עסן, טוען גויטיקע זאַכן, ווי דאָס איינקויפן עסנווארג און נאָך און נאָך, און איידער מיר נעמען זיך טאָן עפּעס אַ ממשותדיקע זאך, איז שוין דער טאָג אַוועק און מען דאַרף זיך שוין לייגן שלאָפן. שוין עטלעכע מאָל האָט דער טאַטע געזאָגט בדרך הלצה, אין שפּאַס, אַז איצט איז אונדז בעסער ווי עס איז אונדז געווען אינדערהיים אין האג. דאָרט האָבן מיר געאַרבעט גאַנצע טעג, איינער ביי דעם און דער צווייטער ביי עפּעס אנדערש. און מיר האָבן געגעסן. און דאָ טוען מיר גאָרנישט און מיר עסן אויך. פון ערשטן אויסבליק קאָן אַזאַ מצב אויסזען צו זיין זייער באקוועם פאר אונדז, אָבער ווען מיר פאַרטיפן נאָך מער אונדזער אריינבליק ווייזט זיך ארויס, אז דער דאָזיקער נישט נאָרמאַלער מצב קאָן קיין גוטס נישט ארויסברענגען. די מאַמע באַקלאָגט זיך גאַנצע טעג, אז מיר, מיינע שוועסטער און איך, גייען ארום גאנצע טעג ליידיק. און נישט נאָר דאָס אליין טוט ווי דער מאַמען, נאָר נאָך עפּעס. די מאַמע האָט נישט פון איר נאַטור אויס קיין גרויסן חשק צו האָבן שיינע און נייע זאַכן. אָבער ווען דער טאַטע פאַרדינט און מיר אַלע האָבן אלץ וואָס מיר דאַרפן, דעמאָלט האָט זי אויך חס אויף זיך און זי קויפט זיך וואָס זי באדאַרף. אזוי איז עס געווען תמיד, סיי דעמאָלט ווען דער מצב איז געווען ביי אונדז א גוטער און סיי ווען ער איז געווען נישט אזא גוטער. אָבער איצט ווען דער טאַטע פאַרדינט נישט גאָרנישט — אין משך פון פיר חדשים און אפילו מער איז נאָך קיין פּרוטה נישט אריינגעפאלן אין אונדזער שטוב אריין — האָט זי נישט קיין מוט זיך גיין און קויפן די זאַכן וואָס זי באַדאַרף. איצט למשל דאַרף זי אַ קלייד און אַ פּאָר שיך, אָבער צוליב דער סיבה, וועגן וועלכער איך האָב אויבן געשריבן וויל זי נישט, אָדער אפשר צוליב איר טבע קאָן זי נישט, גיין קויפן זיך די דאָזיקע זאכן, כאָטש דער טאַטע האָט איר געזאָגט ווען מיר האָבן צו־פעליק באַרירט אזא זאַך: „פערד, ווער האַלט דיך אָפּ דערפון!" אָבער נישט געקוקט אויפן טאַטנס זאָגן, קאָן זי דאָס נישט טאָן. ווען דאָס וואָלט געווען דער סוף פון דער קליינער טראַגעדיע, וואָלט דאָס נאָך נישט געווען דאָס ערגסטע, אָבער זי קלאָגט זיך אויפן טאַטן פארוואָס ער גייט נישט האנדלען. זי מאָטיווירט דאָס דערמיט, דאָס אויב דער טאַטע וועט זיך נעמען האנדלען וועלן מיר שוין נישט ארומגיין ליידיק, ווייל עס וועט במילא זיין דעמאָלט עפּעס צו טאָן, ווען אפילו דאָס זאָל זיין אַ ווייניק באַדייטנדיקע ארבעט. די נאָרמאַלענישן אויפן טאַטן דויערן שוין א האַלבן חודש און אפשר נאָך מער, אָבער דער טאַטע האָט דער מאַמען נישט געוואָלט פאָלגן, ווייל עס איז אין דעם פאראַן אַ גרויסע סכנה. אָבער סוף סוף האָט זיך דער טאַטע צוגעהערט צו דער מאַמעס רייד און מאָרגן אָדער אין איינעם פון די נאָענטסטע טעג וועט ער זיך נעמען מיסחרן. און דאָ, פון דעם אָרט וויל איך אויסדריקן מיין האָפענונג, אַז עס וועט אים נישט טרעפן קיין שום שלעכטס און איך בעט צום

רבונו של עולם, אז ער זאָל אים העלפֿן און היטן אין זכות פֿון דעם, וואָס ער דאַרף מפרנס זיין אַזאַ גרויסע משפּחה און אין זכות פֿון זיין גוט האַרץ און אין זכות פֿון די טובֿות, וועלכע ער האָט געטאָן אַנדערע.

היינט איז געפֿאַלן דער ערשטער שניי דעם הייגטיקן ווינטער און דאָס ערשטע מאָל איז ער פֿאַרפֿרוירן געוואָרן. איך רעכן, אַז די קעלט האָלט ביין גראָד אונטערן זעראָ. אַרויסגייענדיק פֿון שטוב בכדי צו ברענגען קאַרטאָפֿל — ביי אַ פּערציק קילאָ — האָב איך דערפֿילט די קעלט. און פּלוצים, האָב איך אינטענסיוועד ווי אַלעמאָל אַ טראַכט געטאָן ווידער וועגן גורל פֿון מיינע ברודער, די קינדער פֿון מיין פֿאָלק אין די מזרח־לענדער. תּמיד טראַכט איך וועגן זיי, איך פֿאַרגעס נישט אין זיי אַ גאַנצן טאָג, אָבער איצט האָב איך נאָך מער וועגן זיי געטראַכט. און איך האָב אין דער שטיל געבעטן אויף אַ ישועה, וואָס וויל נישט קומען, און איך האָף, אַז זי וועט שוין קומען, אַז זי וועט זיך צוויילן קומען, אַז ג־ט אונדזער ג־ט וועט זיך דערבאַרעמען אויף זיין פֿאָלק, וואָס געפֿינט זיך אין אַזאַ אומגליק.

די לעצטע וואָכן האָבן די רוסן געמאַכט אַ סך אָפֿענסיוועס אויף אָפֿענ־סיוועס. כמעט אויפֿן גאַנצן לענג פֿון דעם פֿראָנט האָבן זיי געמאַכט שטאַרקע אָנגריפֿן. אין די לעצטע טעג האָבן זיי מיט נאָך מער פֿאַרנעם און מיט מער קראַפֿט אָנגעהויבן אַ פֿרישע אָפֿענסיווע אויפֿן שטח צווישן דער וואָלגע און דאָן. און אין דער אמתן האָבן זיי מצליח געווען. דאָס וואָס איז זיך נישט פֿאַרלאָפֿן אין משך פֿון דער גאַנצער מלחמה איז איצט געשען. דער דייטשער מיליטערישער הויפּט־שטאָב האָט געמוזט מודה זיין, אַז די רוסן איז געלונגען אַדורכצוברעכן דעם דייטשן פֿראָנט. און נאָך האָט מען געשריבן אין די צייטונגען, אַז אין משך פֿון דער גאַנצער מלחמה מיט רוסלאַנד האָבן די רוסן נישט קאָנצענטרירט אַזויפֿיל מיליטער און אַזויפֿיל געווער אויף איין אָפּשניט ווי דאָס מאָל. אומעטום ווו עס טרעפֿן זיך אַ ייד מיט אַ ייד, אָדער אפֿילו אַ גוי, וואָס האָט פֿיינט דייטשלאַנד מיט אַן אַנדערן דייטש־פֿיינטלעכן גוי, הערט מען די ווערטער „אַלץ גייט גוט אין רוסלאַנד; ער ציט זיך כסדר צוריק פֿון שעה צו שעה". הערנדיק די דאָזיקע ווערטער האָב איך זיך געטראַכט אין האַרץ: אפֿשר האָט אונדזער ג־ט אונדז נאָך נישט פֿאַרגעסן און אין דער לעצטער רגע וועט ער אונדז אַרויסהעלפֿן פֿון די שרעקלעכע אומגליקן. אָבער נאָכדעם ווי איך האָב זיך פֿאַרטיפֿט אין דעם דאָזיקן געדאַנק און אים געוויד־מעט מער אויפֿמערקזאַמקייט האָב איך געטראַכט ווייטער, און וואָס וועט זיין דעמאָלט ווען די ישועה וועט קומען פֿון דער רוסישער זייט, הייגו, ווען רוס־לאַנד וועט באַזיגן דייטשלאַנד. דעמאָלט וועלן מיר אַרויס פֿון איין אומגליק און... דאָס אָרט וועט פֿריי ווערן פֿאַר פֿרישע אומגליקן. ווייל נאָך אַ קורצער צייט, נאָכדעם ווי מיר וועלן זיך באַרויִקן אַביסל פֿון די אַלע מאַטערנישן, וואָס האָבן אונדז געטראָפֿן, וועלן מיר פּלוצים צוריק דערפֿילן, אַז מיר זע־

נען נאָך אין גלות און דאָס אלץ וואָס האָט אונדז געטראָפן, היינו, די אלע מוראדיקע אומגליקן, וואָס זייער גרייס דערגרייכט ביז צום הימל, זענען געוועזן אומזיסט; נאָר אַ טייל פון דער לאַנגער קייט פון צרות האָבן מיר אונטער זיך, און פאר אונדז איז נאָך פאַראַן ווידער אַ לאַנגע ביז גאָר קייט אומגליקן, און דעם סוף זעט מען נישט. אזוי וואָלט עס געווען ווען עס וואָלט איצט געקומען דער רוסישער נצחון. און פּלוצים האָב איך דערזען, אז די האָפענונג, וואָס איז אויפגעגאנגען אין מיר איז אינגאנצן קיין האָפענונג נישט. מען דאַרף כמעט זאָגן, אַז דאָס טאָר נישט זיין די האָפענונג. נישט געקוקט אויף דער פאַרצווייפלונג וואָס איז אויפגעגאנגען אין מיין הארץ דורך דער קעלט, וועגן וועלכער איך האָב שוין אויבן געשריבן, און נישט געקוקט אויף דער שמחה, אויף וועלכער איך האָב זיך שוין פון פאָראויס געפרייט, האָב איך געזען, אז עס איז נאָך נישט די צייט זיך צו פרייען, ווייל לויט מיין איבערצייגונג איז די דאָזיקע מלחמה, ד. ה. די אומגליקן, וואָס מיר טראָגן איבער, דער סוף פון אונדזער גלות, אַ מין חבלי משיח. און דערפאר דארפן מיר נישט קוקן צו דער רוסישער זייט, אויך פון ענגלאנד און פון אמעריקע קאָנען מיר נישט האָפן אויף אַ ישועה. די ישועה וועט קומען פון גאָר גאָר אַן אנדערער זייט. און נון בין איך צוריקגעקומען צו דער מיינונג, וועלכע איך האָב נאָך געהאט אין האג. די דאָזיקע מיינונג איז ביי מיר געווען פריער נאָר ווי אַ געפיל, אָבער איצט נעמט זי אָן בלוט און פלייש. די ישועה וועט קומען נאָר דעמאָלט, ווען די גאנצע וועלט וועט זיך שוין האָבן מיאש געווען פון א נצחון פון די קאָאַליציע לענדער, און בפרט ווען די יידן וועלן זיך האָבן מיאש געווען פון דעם נצחון פון די פאַרבינדעטע, דעמאָלט וועט קומען די אמתע הילף. די גאולה שלמה וועט אונדז דעמאָלט אויסלייזן און גאָטס ליכט וועט אויף אונדז לייכטן. דעמאָלט, אין סוף פון אלע האָפענונגען, וועט קומען די אמתע ישועה. דעמאָלט וועט ג־טס הילף זיך אויף אונדז דערבארעמען און זי וועט אונדז העלפן.

און סימנים פון דער דאָזיקער גאולה האָב איך שוין געזען. די סימנים זענען נישט אַזעלכע קלאָרע, אָבער זיי זענען פאַראַן. פאַר עטלעכע טעג איז דערמאָרדעט געוואָרן דער אַדמיראַל דאַרלאַן, אַ מענטש וואָס איז געוועזן אין פראַנקרייך פרעמיער־מיניסטער אָדער גאָר עפּעס מער פון דעם, איידער פראַנקרייך איז געוואָרן אינגאַנצן אָקופּירט דורך דייטשלאַנד. דערנאָך איז ער איבערגעגאנגען צו די אַמעריקאַנער און האָט זיי געהאָלפן מיט אַ ממשותדיקער הילף אין צפון־אַפריקע. די צייטונגען וואָס דערשיינען אין די אָקופּירטע דורך דייטשלאַנד לענדער שרייבן, אז דער מאָרד איבער דאַרלאַנען איז אויסגעפירט געוואָרן דורך די ענגלענדער צוליב זייער קאָנקורענץ מיט די אמעריקאנער. שוין פון א לענגערער צייט האָבן די דייטשע צייטונגען אָנגעהויבן שרייבן וועגן סכסוכים צווישן ענגלאנד און אַמעריקע.

זיי האָבן למשל געשריבן, אז די אַמעריקאַנער ווילן זיין די יורשים פון ענגלאַנד און פון זייערע קאָלאָניעס. אין אָנפאַנג האָב איך געלאַכט פון דעם און איך האָב זיך געטראַכט אז עס איז א סך מעגלעכער עס זאָל קומען צו אַ סכסוך צווישן דייטשלאַנד און איטאַליע, ווי צווישן ענגלאַנד און אַמעריקע. אָבער איצט זע איך אז די דייטשע אויפקלערונגען האָבן באמת אַ גרונט. ווייל דער פאַל דאַרלאַן קאָן מען אַנדערש נישט פארשטיין אויב מיר וועלן נישט גלויבן אז זיין מקור איז אין דעם סכסוך צווישן ענגלאנד און אַמעריקע. און דאָס וואָס פריער האָט זיך מיר עס אויסגעזען ווי דער מקור פון פאַרצווייפלונג, ווייזט זיך מיר איצט ווי אַ צייכן פון דער גאולה וואָס דאַרף בקרוב קומען. אָבער ביז צו דער פולער ישועה וויפל אומגליקן וועלן נאָך איבער אונדז אריבער. וויפל קרבנות דאַרפן נאָך אומקומען. און ווידער בין איך מתפלל צו אונדגער ג־ט, דעם ג־ט פון ישראל: **איך בעט דיך ג־ט העלף זשע**, דערנענטער־זשע די ישועה צו דיין פאָלק וועלכער דו האָסט אויסדערוויילט, און וועלכעס געפינט זיך איצט אין אזאַ גרויסער צרה. **העלף־זשע!!!**

## כ״ד טבת תש״ג

אין די לעצטע טעג האָט גאָרנישט געטראָפן אזוינס, וואָס איז כדאי צו פאַרצייכענען. אין רוסלאַנד זאָגט מען, גייט אַלץ גוט. די דייטשן ציען זיך צוריק אויפן דרום־פראָנט. אין צייטונג שרייבט מען, אַז די קאמפן גייען פון מזרח זייט צו ראָסטאָוו. און אויב מען שרייבט אַז די קאַמפן גייען פון דער מזרח זייט, פון וועלכער דאָס איז שטאָט, איז עס שוין אויסער יעדן ספק אַז די קאַמפן זענען אין שטאָט גופאַ אָדער אפילו פון מערב זייט צו איר. דאָס האָט שוין געטראָפן א סך מאָל אין צפון־אפריקע.

נעכטן אין אָוונט איז צו אונדז געקומען אַ יידישע פרוי. דורך איר קומען האָט זיך פאַר מיר אַנטפלעקט אַ פרישע זייט פון אונדזער אומגליק, וועגן וועלכער עס איז מיר פריער אפילו קיין איין מאָל נישט איינגעפאַלן. די פרוי האָט אונדז געבראַכט ברילי‏יאַנטן פון אַ יידישער משפחה וועלכע האָט פשוט נישט וואָס צו עסן. ביז איצט האָב איך געטראַכט, אַז נאָר די יידן וואָס זענען געכאַפּט געוואָרן דורך די דייטשן און אָוועקגעפירט געוואָרן אין די מזרח־געביטן, אַז נאָר זיי זענען אין אַ גרויס אומגליק. אָבער די וואָס האָבן זיך נאָך געקאָנט דאַ אויסבאַהאַלטן, הייסט, די יידן וואָס האָבן געקאָנט נאָך בלייבן אויף זייערע וווין־ערטער פון פאַר דער מלחמה, זיי זענען די גאָר גליקלעכע. און איצט האָב איך מיך איבערצייגט, אַז אויך ביי זיי זעט מען שוין דאָס אומגליק. ווייל אַ גרויסער טייל פון די יידן וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן האָבן גערעכנט, אַז די מלחמה וועט זיך ענדיקן אין אַ חודש אָדער אין צוויי חדשים. ווייל אין דער צייט ווען די

דייטשן האָבן אָנגעהויבן צו כאַפּן אונדזערע ברידער, האָט מען זייער אַ סך געערדט וועגן אַן אינוואַזיע וואָס די ענגלענדער ווילן מאַכן אין מערב־אייראָפּע. אָבער פון דעם איז ביז איצט גאָרנישט פאַרווירקלעכט געוואָרן. און אזוי אַרום זענען אונדזערע אומגליקן פאַר מיר פאַרגרעסערט מיט נאָך איינס, וועגן וועלכן איך האָב ביז איצט נישט געטראַכט, אז אויך די יידן, וועגן וועלכע איך האָב איצט געערדט, קאָן טרעפן נאָך אַן אומגליק, אַ חוץ דעם וואָס יעדער רגע קאָנען קומען די דייטשן און זיי כאַפּן.

צו לייענען האָב איך כמעט נישט דעם מינדעסטן חשק. אין ביינטן חלק פון דער „התקופה" וואָס איך האָב אים גענומען פאַרגאַנגענעם מאָנטיק אין דער ביבליאָטעק, האָב איך נישט געלייענט אפילו קיין איינע פון די דער־ציילונגען. נאָך דעם ווי איך האָב איבערגעלייענט די ערשטע שורות, האָב איך זיך פּלוצים אַ טראַכט געטון: וואָס האָבן נאָך אַזעלכע זאַכן א שייכות מיט מיין גייסט; וואָרום זיי זענען דאָך נישט ווערט קיין איין פּרוטה, זיי קאָנען גאָרנישט נישט אויפהויבן און נישט אראָפּנידערן. פון דער ביינטער טייל פון דער „התקופה" האָב איך נאָר געלייענט דעם טייל פון קריטיק און אַ טייל פון די נאָטיצן. איך האָב אויך געלייענט עטלעכע מאמרים, ווי דער מאַמר פון רב צעיר וועגן די לעצטע מפרשים פון „שולחן ערוך" און אויך אַ מאמר פון ח. י. באָרענשטיין וועגן די יידישע דאַטעס. איך האָב אויך געוואָלט לייענען דעם מאמר פון הלל צייטלין וועגן „זוהר". אָבער נאָכן איבערלייענען עטלעכע שורות בין איך געוואָרן אָנגעפילט מיט עקל צוליב דער טויטער זאַך וועגן וועלכער ער רעדט אין זיין מאמר. וועלכער יונגער מענטש קאָן נאָך האָבן אפילו דעם מינדעסטן אינטערעס אין אַזעלכע פלויר־דערייען, וואָס זענען נאָר פאַסיק פאַר זקנים וואָס גרייטן זיך שוין צו גיין אין וועג אין וועלכן עס גייט די גאַנצע וועלט.

אין די דאָזיקע טעג האָט דער טאַטע נישט איינמאָל צו אונדז געזאָגט, אַז מיר ווייסן גאָרנישט ווי גליקלעך מיר זענען. מיר האָבן צו עסן פון אַלעם, מיר קאָנען גיין אומעטום ווי יעדער מענטש דאָ קאָן גיין. איך האָב זיך שוין עטליכע מאָל פאַרטראַכט איבער מיין טאַטנס רייד. אין מיינע אויגן בין איך כלל וכלל נישט גליקלעך. כאָטש איך גיב אַ דאַנק דעם בורא עולם יעדע רגע און רגע פאַר די ניסים וואָס ער טוט מיט אונדז אין יעדער צייט, איז נישט געקוקט אויף דעם גענאָד וואָס ער טוט מיט אונדז, האָב איך אָפט אַ גרויסע תשוקה צו מיינע ברידער וואָס זענען אין פּוילן און אין אַנדערע ער־טער. ג־ט ווייס ווו זיי זענען. אַ סך מאָל איז מיר אויפגעגאַנגען די תשוקה און דער ווילן צו זיין מיט זיי צוזאַמען און צו ליידן זייערע ליידן. איך האָב שוין אפילו געפונען אַ מעגלעכקייט ווי אַזוי צו זיי דערגרייכן. די דייטשן פאָדערן אומעטום, ווו זיי זענען, אַ סך אַרבעטער. וויפל עס קומען איז פאַר זיי נישט גענוג. אין האָלאַנד, אין בעלגיע און אין פראַנקרייך האָט מען שוין

גענומען הונדערטער טויזנטער און נאָך דעם אַלעם האָבן זיי נאָך אַ גרויסע באַדערפעניש אין אַרבעטער. אויך אין פוילן און אין די מזרח־לענדער דאַרף ער אַ סך אַרבעטער. דעריבער, אַז איך וועל גיין אין אַ דייטשן אַמט און איך וועל זאָגן, אַז אויך איך וויל גיין אַרבעטן, וועט מען אודאי מיך אויך נעמען. אָבער דערווייל בין איך זיכער, אַז דער טאַטע וועט דאָס מיר נישט לאָזן טאָן. איך זעץ ווייטער פאָר מיינע לעקציעס אין אַראַביש. כאָטש דאָס לערנען אַליין ווערט וואָס אַמאָל שווערער, גיי איך אָן מיט התמדה. איך האַלט שוין ביי דער נײַנטער לעקציע.

## כ״ח טבת

נעכטן אין אָוונט זענען מיינע עלטערן געזעסן ביים טיש און אויך איך בין דאָרט געזעסן. ס'איז שוין געווען קרוב צו האַלבער נאַכט. פלוצים האָבן מיר דערהערט אַ קלונג. מיר האָבן אַלע אויפגעציטערט. מיר האָבן גערעכנט, אַז עס איז שוין געקומען דער מאָמענט ווען מיר וועלן אויך זיין צווישן די געכאַפטע. דער פחד האָט געשטאַמט דער עיקר פון דעם, וואָס מיט צוויי טעג פריער איז פאַרבאָטן געוואָרן די איינוווינער פון בריסעל אַרויסצוגיין אין גאַס נאָך ניין אָוונט. דאָס איז געשען דערפאַר, ווייל אַ נאַכט פריער זענען דערהרגעט געוואָרן דריי דייטשע סאָלדאַטן. ווען נישט דער פאַרבאָט אַרויס־צוגיין נאָך ניין אָוונט, וואָלטן מיר געקאָנט מיינען, אַז עמעצער האָט על־פי־טעות ביי אונדז אָנגעקלונגען. די מאַמע האָט שוין געהאַט גענומען אירע לאַטשן. דער טאַטע האָט געזאָגט, אַז מען זאָל צוואַרטן ביז מען וועט אַ צווייט מאָל אַ קלונג טאָן. אָבער דאָס קלינגען האָט זיך נישט איבערגעחזרט. געלויבט זיי ג־ט, אַלץ איז אַדורך בשלום. נאָר דער פחד איז נאָך פאַרבליבן און אַ גאַנצן טאָג זענען מיינע עלטערן אויסערגעוויינלעך נערוועז. זיי קאָנען נישט פאַרטראָגן דעם מינדעסטן קלאַנג. יעדע קלענסטע זאַך שטערט.

פון דעם דאָזיקן קליינעם געשעעניש איז מיר קלאָר געוואָרן ווי ווייט מיר האָבן מורא געכאַפט צו ווערן פון די דייטשן. כאָטש אַלץ איז ביז איצט אַריבער ביי אונדז בשלום און מיר האָבן נישט געפילט, אַז מען זוכט אונדז, איז גענוג געווען אַזאַ קליינער קלונג ביי דער טיר, ער זאָל צוטריבן ביי אונדז די רו, אויף וויפל זי איז פאַראַן, און אָנפילן אונדזערע הערצער מיט פחד פאַר יעדער קלענסטער זאַך.

איך האָב שוין אויבן דערמאָנט, אַז די בריסעלער איינוווינער מוזן זיין ניין ביינאַכט אין די היימען, צוליב דער סיבה, וועגן וועלכער איך האָב שוין אויבן געשריבן. אָבער דאָס איז נישט די איינציקע שטראָף, וועלכע די דייטשן האָבן אויף זיי אַרויפגעלייגט. זיי דאַרפן איבערגעבן די דייטשן צען טויזנט וועליסאָפעדן און אַלע שענקן, און אַלע פאַרווײַלונגס־ערטער, ווי קינאָס און ד.גל. מוזן ווערן געשלאָסן ביז וואַנען די באַלעבאַטים זייערע וועלן נישט באַקומען קיין דערלויבעניש זיי צוריק צו עפענען. אויסער דער אומאָנגענעמער זאַך, וועגן וועלכער איך האָב אויבן געשריבן, האָב איך אויך צו פאַרשרייבן

אַ זייער אַנגענעמע זאַך, וואָס פון איר קאָן מען זען, אַז דער אויבערשטער האָט נישט פאַרמיטן זיין גענאָד פון אונדז. איך האָב שוין פריער געשריבן, אַז אונדזער כמעט גאַנץ פאַרמעגן דאָ איז אין ווערט־פּאַפּירן, וועלכע מיר אַליין האָבן אַהער געבראַכט און אַ טייל פון זיי האָבן אונדז פאַר אונדזערע אַנדערע געבראַכט קיין בעלגיע. פאַר עטלעכע חדשים זענען די פּאַפּירן שטאַרק געפאַלן אין זייער ווערט. אָבער נעכטן איז דער טאַטע געווען אין באַנק און זיך דאָרט געפרעגט וויפל זענען ווערט היינט־צו־טאָג די דאָזיקע פּאַפּירן, האָט מען אים געזאָגט, אַז זיי זענען ווערט איצט ביי אַכציק טויזנט פראַנק. פאַרשטייט זיך, אַז דער טאַטע האָט זיך זייער געפרייט און מיר האָבן זיך אויך זייער געפרייט ווען דער טאַטע האָט אתדז דאָס איבערגעגעבן צוריקקומענדיק פון באַנק.

אויך פון די פראַנטן הערט מען, אַז אַלץ גייט גאַר גוט. די רוסן גייען פאָרויס. איך האָב נאָך נישט געהערט גענוי אויף וויפל זיי האָבן זיך שוין פאָרויסגערוקט, אָבער מען זאָגט אַז זיי זענען נישט מער ווי דרייסיק קילאָ־מעטער פון ראָסטאָוו.

אין מיינע אַראַבישע לימודים גיי איך פאָרויס פון טאָג צו טאָג. איך האַלט שוין ביים צייטוואָרט.

אין די לעצטע טעג האָב איך נישט געהאַט וואָס צו שרייבן און הלוואי זאָל איך איצט נישט דאַרפן עפּעס פאַרצייכנען. ווייל עס איז נישטאָ קיין נחת ביי די קינדער פון יעקב און נישט קיין מנוחה ביי די יידן. אין דער צייט פון זייערע חגאות האָבן די דייטשן אינגאַנצן נישט געכאַפּט, אָבער איצט, נאָך דעם ווי זיי האָבן אָפּגערוט, האָבן זיי ווידער כוח אונדז צו פאַרפאָלגן.

## ז׳ שבט

דער טאַטע איז דעם פאַרגאַנגענעם זונטיק געגאַנגען צום שוחט צו קויפן ביי אים און צו געבן ביי אים צו שעכטן אַן עוף. דער שוחט האָט אים דער־ציילט, אַז מען האָט ווידער געכאַפּט מענטשן אין זיין געגנט. און דאָס מאָל זענען צווישן די געכאַפּטע פאַראַן אונדזערע באַקאַנטע, מיט וועלכע מיר האָבן גערעדט ערשט מיט אַ פאָר טעג צוריק, און מיר האָבן זיי אפילו געגעבן אונדזער אַדרעס. דער פאַמיליע־נאָמען פון אַ משפחה, וואָס מיר קענען זי און זי איז געכאַפּט געוואָרן, איז קעלער. די פרוי האָבן מיין טאַטע־מאַמע נאָך געקענט פון האָלאַנד. שוין זייענדיק דאָ אַ געוויסע צייט האָט דער טאַטע די געטראָפן און זיך זייער געפרייט פון דער דאָזיקער באַגעגעניש. ער איז אַהיימגעקומען און דערציילט דער מאַמען, אַז ער האָט געטראָפן אַן אַלטע באַקאַנטע פון האָג. מיין מאַמע האָט זי עטלעכע מאָל באַזוכט און זי איז ביי אונדז אויך עטלעכע מאָל געווען. פריער האָט זי געוווינט אין אַנטווערפן, אָבער ווען מען האָט דאָרט אָנגעהויבן כאַפּן יידן, איז זי מיט אירע זין און טעכטער אַנטלאָפן נאָך בריסעל. אַהערקומענדיק האָט זי נישט געקאָנט גע־

פינען קיין דירה ווייל די פאַרשאָלטענע גויים האָבן נישט געוואָלט פאַרדינ־ גען די יידן קיין דירות, ווייל זיי האָבן געזאָגט, אַז זיי האָבן מורא. לסוף האָט זי שוין נישט געוווסט וואָס צו טאָן.

זי האָט געבעטן ביי א געוויסן הויזווירט ער זאָל איר געבן א דירה וווּ צו וווינען. זי האָט נישט פאַרבאָרגן פאַר אים, אַז זי וויל זיך אויסבאַהאַלטן פאַר די דייטשן, ס'איז איר שוין געווען אַלץ איינס. ענדלעך האָט זי געפונען א דירה, אָבער דער נאָמען דירה פּאַסט זיך נישט צו דעם וואָס זי האָט געפונען. די דאָזיקע דירה איז א סך ענלעכער צו א הייל פון חיות. קיין גאַז און קיין עלעקטריע זענען דאָרט נישט געווען. די פענצטער צעבראָכן. אָבער זי האָט זיך געפרייט מיט דער דאָזיקער מציאה, און האָט זיך געטראַכט, אַז די אַלע זאַכן וואָס פעלן איר זאָלן זיין פאַר א כפרה. זי איז געווען א גוטע פרוי, זי האָט געשיקט א סך עסנוואַרג צו אירע קרובים וואָס זענען געווען אין מאַלין. כמעט יעדן טאָג האָט זי אַהינגעשיקט קאַרטאָפל, זיסקייטן, שוואָמען, בקיצור, אַלץ וואָס זי האָט געקאָנט טאָן פאַר די אומגליקלעכע קרובים, האָט זי געטאָן. אָבער דאָס אַלץ האָט איר נישט געהאָלפן. מיר דאַכט זיך, אַז געכאַפּט האָט מען זי דאָנערשטיק מיט איר מאַן און דריי זין און טעכטער. נאָך א זון האָט זי פריער געהאַט אַוועקגעשיקט אין אַ פּראָווינציזיש דאָרף. ער האָט געוואַרט ביז איצט אויף אַ געלעגנהייט צו קאָנען אַריבער די גרענעץ און אָנקומען אין דער שווייץ, אָבער ביז איצט איז עס אים נאָך נישט געלונגען. ער וועט אוודאי איצט וואַרטן אויף בריוו פון זיינע עלטערן, ברידער און שוועסטער. נאָך ביים לעצטן מאָל האָט אונדז די דאָזיקע פרוי דערציילט, אַז צום בריוו וואָס זי האָט געשיקט דעם זון האָט צוגעשריבן איר קליינע טאָכטער. זי האָט געשריבן דעם ברודער טרייסט־ווערטער. נישט זי אַליין איז געכאַפּט געוואָרן. נאָר צוזאַמען זענען געכאַפּט געוואָרן אַ זעכציק מענטשן. ביז דעם פאַל איז נאָך געווען ביי אונדז אין הויז אַביסל רואיק, אָבער איצט האָבן זיך ווידער אָנגעהויבן די שמועסן וועגן פאָרן. דער טאַטע האָט געזאָגט, אַז ווען נישט דער ווינטער, וואָלט ער אונדז זיכער געשיקט, דאָס הייסט מיך און די גרויסע שוועסטער, נאָך דער שווייץ, אָדער אין אַן אַנדער לאַנד ווו מען קאָן דאָרט אַנטרינען ווערן. דורך דעם כאַפּן די פרוי מיט איר פאַמיליע פילן זיך מיינע עלטערן, אַז זיי זענען יעדע רגע אין סכנה. זיי האַלטן אַז עס איז אוממעגלעך זיך אויסצובאַהאַלטן פאַר די דייטשן און אַז אין אַ געוויסן טאָג וועלן מיר זיכער געכאַפּט ווערן. דער טאַטע איז געגאַנגען באַזוכן דעם היגן רב און אים פרעגן צי עס פאָרן נאָך מענטשן אין דער שווייץ, אָדער אין אַנדערע נייטראַלע לענדער. לויט ווי מיר שיינט, האָט דער רב געענטפערט, אַז דערווייל פאָרט מען נישט מער.

פון די פראָנטן איז נישט פאַראַן קיין ספּעציעלע נייעס. די רוסן מאַכן אַטאַקעס אויף אַטאַקעס, אָבער זיי האָבן נאָך נישט דערגרייכט קיין רעאַלן

ציל. אַמשטאַרקסטן גייט די מלחמה ביי וויעליקיע לוקי אין דרום־זייט פון דעם סטאַוו אילמאַן. אין צפון־אַפריקע גייען נישט מער די אַמעריקאַנער און די ענגלענדער פאָרויס. זעט אויס, אַז די דייטשן האָבן זיך אויף גוט באַזעצט אין טוניס.

אין מיין לערנען אַראַביש בין איך נישט געגאַנגען פאָרויס און איך האָב נישט געלערנט אַזוי ווי ביז איצט. אָבער דאָס איז נאָר דערפאַר ווייל איך האָב באַשטעלט אַ פראַנצויזיש בוך פון דעם געביט. ווען איך וועל דערהאַלטן דאָס בוך וועט מיר לייכטער אָנקומען דאָס לערנען, בפרט איצט, ווען איך האַלט ביים צייטוואָרט, קומט מיר זייער שווער אָן דאָס לערנען.

## ט׳ שבט

מיט עטלעכע טעג צוריק האָט מען געכאַפּט אין דער גאַס, אויף וועלכער ער וווינט, אַ מענטש, וואָס פריער איז ער געווען שמש אין בית־הכנסת. צוליב אויספעלן פון מענטשן און פון געלט, האָט מען פאַרקויפט די שול און דער שמש איז אַראָפּגענומען געוואָרן פון זיין פּאָסטן. געכאַפּט האָט מען דאָרט אַ מאַן מיט אַ פרוי, וואָס זענען אַלט געווען צו קרוב זיבעציק. אַ סך מאָל האָט מען דערציילט, אַז מען האָט צוגענומען מענטשן, וואָס זענען שוין גע־ווען זקנים, אָבער איך האָב נישט געוואָלט און נישט געקאָנט אין דעם גלויבן. אָבער איצט האָט דאָס מיר דערציילט אַ מענטש וואָס האָט געקענט די גע־כאַפּטע זקנים פּנים־אל־פּנים. כאָטש די זאַך האָט אינגאַנצן נישט געמאַכט אויף מיר קיין רושם (איך ווייס נישט פאַרוואָס, אפשר האָב איך זיך שוין צוגעוווינט צו די צרות), איז די זאַך זייער אינטערעסאַנט. מען קאָן פון דעם זען, אַז די דייטשן ווילן אונדז אַלע אויסכאַפּן אָן שום אויסנאַם.

ווייטער איז קיין סך נישט געשען. מען קעמפט נאָך שווער אין רוסלאַנד. אָבער צו קיין רעאַלע דערגרייכונגען איז נאָך נישט געקומען.

דעם פאַרגאַנגענעם שבת האָב איך זיך געשטעלט דאַווענען. אָבער אַזוי ווי עס האָט זיך שוין געטראָפן אַ סך מאָל, האָב איך נישט געקאָנט צונויפ־נעמען די געדאַנקען און געבלעטערט אין סידור. צוקומענדיק צו די סליחות האָב איך אָנגעהויבן אַריינקוקן אין זיי מיט מער אינטערעס און איך האָב געזען אַ סליחה וואָס האָט אויף מיר געמאַכט אַ שטאַרקן רושם. די סליחה איז אויף מאָנטיק און דאָנערשטיק און הויבט זיך אָן מיט די ווערטער: „מלאכים פון רחמים, די באַדינער פון אייבערשטן". כמעט שטענדיק ווען איך זע אַזאַ מין פּזמון, אַזאַ הייליק געזאַנג אין וועלכן דער נאָמען פון מחבר איז אין דעם אַריינגעפלאָכטן, ווערט מיין האַרץ פול מיט עקל צו אים. אַזוי איז עס אויך מיט די פּזמונים וואָס זענען געשאַפן לויטן א"ב. אָבער מיט דעם פּזמון איז דאָס אינגאַנצן נישט געווען אַזוי. מיר ווייזט זיך אויס, אַז פריער האָט דער משורר אויסגעגאָסן אין דעם פּזמון זיין האַרץ און ערשט דערנאָך,

ווען ער האָט זיך אַביסל באַרואיקט, האָט ער געווויסע אותיות איבערגעשטעלט און אַזוי אַרום דאָרט אַריינגעחתמעט זיין נאָמען. דאָס ליד האָט געמאַכט אויף מיר דעם איינדרוק אַזוי ווי עס וואָלט געווען זייער מאָדערן, אַזוי ווי עס וואָלט נאָר וואָס איצט אַרויס פון אונטער דער האַנט פון דעם דיכטער. און פון דעם האָב איך זיך נאָכאַמאָל איבערגעצייגט אַז די צרות פון מיטל־אַלטער און די צרות פון היינטיקן טאָג זענען ענלעך צו זיך ווי צוויי טראָפּנס וואַסער. דער עיקר די ווערטער „געאיבטע אין קלעפּ, אין פּייניקונגען אוןליידן" זעען מיר אויס אַזוי ווי זיי וואָלטן געשריבן געוואָרן נאָר פאַר דער היינטיקער צייט. און איך האָב זיך געטראַכט: אָבער די אומגליקן וואָס קומען אויף אונדז היינט, זיי זענען דאָך שוין זיכער דער סוף פון אונדזערע אומ־גליקן אין גלות. ווייל דאָס האָב איך דאָך שוין לאַנג אָפּגעמאַכט ביי זיך אַ סך מאָל, און אַ סך מאָל האָב איך זיך געבראַכט באַווייזן דערצו. פונדעסט־וועגן האָט מיך ווידער באַהערשט אַ ספק, אפשר איז עס נישט מער ווי נאָר אַ רינג אין דער קייט אומגליקן וואָס זענען אַריבער און וועלן נאָך איבער אונדז אַריבער? און פון דעם בין איך געקומען צו טראַכטן פאַרוואָס דויערן די צרות אַזוי לאַנג, פאַרוואָס קומט נאָך נישט צו זיי דער סוף. ווי נאָר מען גייט ארויס אויף אַ רגע און מען טרעפט אַ ייד, הערט מען זיך אָן גענוג צרות אויף אַ גאַנצן טאָג און אַ סך מאָל קאָן מען שוין דערנאָך אַ גאַנצע וואָך נישט האָבן קיין מנוחה. טראַכטנדיק אַזוי, זענען מיר אַריין פּלוצים אין מוח די ווערטער, וועלכע ג"ט ברוך הוא האָט געזאָגט צו אברהמען: „עס איז נאָך נישט פול געוואָרן די זינד פון אמורי ביז אַהער". איך האָב זיך געטראַכט, אפשר איז איצט אויך אַזוי די זאַך.

די וואָך האָב איך געלייענט אין אַ דייטשער צייטונג אַן אַרטיקל וועגן אַ דייטש וואָס ער און זיין פרוי, זיינע זין און טעכטער אַרבעטן אַלע פאַרן דייטשן מיליטער. פון דער פרי ביז אין דער נאַכט אַרבעטן זיי אַלע שווער. דער שרייבער פון דעם אַרטיקל האָט געפרעגט דעם מענטש וואָס אַרבעט אַזוי שווער: צי אַרבעט ער נישט צופיל, און צי געפינט ער נישט איין, אַז די אַרבעט איז אַ צו שווערע פאַר זיינעטוועגן. האָט אים דער מענטש געענט־פערט, אַז אים שרעקט נישט אָפּ קיין סך אַרבעט, ווייל ער ווייסט וואָס דאָס איז דער טייטש אַרבעטסלאָזיקייט. ער אַליין איז זיבן יאָר געווען אַרבעטס־לאָז. ער איז געווען אַ מענטש נאָך אין די יונגע יאָרן און ווו ער האָט געזוכט אַן אָרט אויף אַרבעט, האָט ער נישט געפונען. ביי אַרום צוויי יאָר נאָך היטלערס קומען צו דער מאַכט, האָט ער באַקומען אַ צעטל אַז ער דאַרף זיך מעלדן אין אַ געוויסן אַמט, ווייל מען האָט געפונען פאַר אים אַרבעט. ווייטער האָט ער דערציילט ווי גרויס עס איז געווען ביי אים די שמחה דער־מאָלט און וויפל דאַנק ער איז שולדיק דעם נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישן רעזשים. זעט אויס אַז די איצטיקע פירער פון דייטשלאַנד האָבן גרויסע פאַר־

דינסטן אין די דאָזיקע זאַכן. עס איז נישט קיין קליינינקייט וואָס זיי האָבן דעמאָלט געטאָן. אין דער צייט ווען אין אַלע אַנדערע לענדער זענען צענד־ליקער מענטשן אַרומגעגאַנגען אָן אַרבעט און דער רוב פון די אַרבעטסלאָזע זענען דורך דעם געווען אָן פרנסה, איז געקומען ער, דער רשע, און האָט אַלע געגעבן אַרבעט און ברויט. און כאָטש ער האָט זיי געגעבן אַרבעט כמעט נאָר אין די אַמוניציע־פאַבריקן, פאַרקלענערט דאָס נישט קיין סך פון זיין פאַרדינסט. דער זכות וואָס ער האָט אָנגעזאַמלט פאַר דער צייט איז זייער גרויס. און כאָטש ער ווערט וואָס אַמאָל קלענער, אָבער עס זעט אויס אַז ער האָט נאָך געגנוג, און זיין מעסטל זינד איז נאָך נישט איבערגעפולט. פונדעסט־וועגן פאַרקלענערט זיך זיין זכות מיט אַ געוואַלטיקער שנעלקייט.

פאַרשטענדלעך אַז אויך די ענגלענדער, אַמעריקאַנער און די רוסן און זייערע פאַרבינדעטע האָבן נישט קיין גרויסן זכות, אָבער מיר, און לכל הפחות איך, וואַרט נישט אויף זייער הילף. וואָרום דאָס טאָקע איז אויך איינע פון די סיבות פאַרוואָס איך וואַרט אויף דער ישועה פון אונדזער ג־ט, דעם ג־ט פון די יידן. אויף אים בין איך זיך סומך, און אויף זיין הילף האָף איך יעדן טאָג און אַלע טעג. און וואָס מער עס פאַרמערן זיך די אומגליקן, פאַר־מערט זיך אין מיין האַרץ די אמונה, אַז די הילף דערנענטערט זיך. ווייל די אַלע אומגליקן וואָס די דייטשן פאַראורזאַכן אונדז ווערן נישט געטאָן בייערט צו פאַרקלענערן זייער זכות. אָבער טיילמאָל פאַרמערן זיך די אומגליקן אין אַזאַ גרויסער מאָס, אַז איך וואָלט געזאָגט, אַז די מיטלען שטייגן אַ סך איבער דעם ציל.

דער טאַטע האָט מיר אַ סך מאָל דערציילט, אַז ער האָט זיך באַגעגנט מיט מענטשן, וועמענס פרויען און קינדער זענען צוגענומען געוואָרן פון זיי און זיי זענען דאָ איינזאַמע. אָדער פאַרקערט, ער האָט געטראָפן פרויען ביי וועלכע מען האָט צוגענומען די מענער. איך האָב זיך שוין אַ סך מאָל גע־זאָגט צו זיך, אַז ווען איך וואָלט געווען אויף זייער אָרט וואָלט איך באַגאַנגען זעלבסטמאָרד, אָדער איך וואָלט זיך אַליין איבערגעגעבן אין די הענט פון די דייטשן בכדי צו קאָנען זיין צוזאַמען מיט מיין משפחה. און נאָך אַ סך און אַ סך אומגליקן דערציילט מיר דער טאַטע יעדעס מאָל ווען ער קומט פון דער שטאָט. אָבער אודאי ווייסט דער אויבערשטער וואָס ער טוט. פאַר עטלעכע טעג זענען געשיקט געוואָרן קיין מאלין טראַנספּאָרטן. מיט עטלעכע חדשים צוריק האָט מען געזאָגט, אַז מען וועט שוין נישט שיקן מער קיין יידן קיין רוסלאַנד, אָדער אין די נאָענטע דאָרט לענדער, ווייל זיי אַליין דאַרפן זייער נויטיק די באַנען פאַר זיך. אָבער עס זעט אויס, אַז פייניקן יידן קאָן מען אפילו ווען מען האָט ווייניק באַנען פאַר זיך אַליין. עס לוינט זיך אים. יאָ, באמת, עס איז נישט פאַראַן קיין סוף צו אַזויפיל אומגליקן, נישט

ROYAUME DE BELGIQUE
KONINKRIJK BELGIË

ÉTRANGER
VREEMDELING

CERTIFICAT
D'INSCRIPTION
AU [redacted] DES ÉTRANGERS

BEWIJS
VAN INSCHRIJVING [redacted]
VREEMDELINGENRE[redacted]

MODÈLE B

Extrait de l'Arrêté Royal du 14 août 1933.

Uittreksel uit het Koninklijk [redacted] Augustus 1933.

O 11. — Impr. E. Guyot [redacted]

RÉSIDENCES SUCCESSIVES - ACHTEREENVOLGENDE VERBLIJFPLAATS[redacted]

| COMMUNES. — GEMEENTEN | RUE. — STRAAT. | N° Nr | DATE DATUM | [redacted] |
|---|---|---|---|---|
| | | | | |

[redacted] à chaque changement de demeure. — Over te leggen [redacted] verblijfsverandering.

דער דאקומענט פון משה פלינקער — די אויסערלעכע זייט

Duplicata du n° 1087 B délivré à Bruxelles le 15.12.42

N° 12450

N° du dossier S. P.
N<sup></sup>r van het dossier O. V.

Nom / Naam: Flinker

Prénoms / Voornamen: Moshe-Wolf

Né à / Geboren te: La Haye

Le / Den: 9 octobre 1926

Nationalité / Nationaliteit: Néerlandaise

Signature du titulaire - Handteekening

Photographie / Portret

Moitié supérieure du timbre fiscal. / Bovenhelft ... belasti...

communal

N° 12450

Profession / Beroep: 1. Sans 2.

État civil / Burgerlijke stand: 1 célibataire 2

Inscrit sous le N° / Ingeschreven onder N°: 26188/43

Rue: Col. Picquart n° 7 / straat, n°

Délivré à / Afgeleverd te: **Schaerbeek**

le / den: 28 juin 1943

Ce certificat, révocable en tout temps par l'Administration de la Police des Etrangers, est valable jusqu'au

*Dit attest, dat te allen tijde door den Dienst der Vreemdelingen Politie kan worden ingetrokken, is geldig tot*

9 septembre 1943

Le Bourgmestre — *De Burgemeester*
(ou son délégué), *(of zijn gemachtigde),*

PROROGATIONS — VERLENGINGEN

La durée de validité de ce certificat est prorogée jusqu'au
*De geldigheidsduur van dit bewijs ...*

9.3.44 — Bruxelles, Schaerbeek

Le Bourgmestre — De ...
(ou son délégué), (of z...

9 Mai 1944 — Bruxelles — le 9.3.44

Le Bourgmestre — De Bu...
(ou son délégué), (of zijn ...

A ... le ... 19
Te ... den

Le Bourgmestre — *De Burgemeester*
(ou son délégué), *(of zijn gemachtigde),*

Moitié supérieure du timbre fiscal. (Sceau communal) / Bovenhelft van het belastingszegel. (Gemeentezegel)

30F. 0C 299277 — 30F. 0C 82113 — 30F. 7C 170021 — 30F. 9C 957955 — 5 Fr. — 10 Fr.

דער דאקומענט פון משה פלינקער — די אינעווייניקסטע זייט

פאַראַן קיין סוף! און איך וויין אין ברױסעל, אין פלוג רואיק, פריש, עס פעלט מיר גאָרנישט. יאָ, אַזוי זעט עס אויס אויסערלעך. איך אַליין טראַכט זיך אויך טיילמאָל אַז עס איז אַזוי. אָבער ביינאַכט, ווען איך ליג אויף מיין בעט און פאַרטיף זיך נאָר אַביסל אין דער לאַגע פון מיין פאָלק, און אין אונדזער לאַגע, דעמאָלט זע איך, אַז עס פעלט מיר אַ סך, אַ סך.

איך וויל אויך ליידן צוזאַמען מיט מיינע ברידער, מיט מיין פאָלק, וועל־כעס איך האָב אַזוי ליב. מיין פאָלק! מיין פאָלק! ווען איך בין געווען נאָך אין האַג, בין איך געפאָרן מיט מיין שוועסטער דאָס ערשטע מאָל קיין ראָ־זענדאַל, די גרענעץ שטאָט. אָבער דער טאַטע האָט אונדז נישט געגעבן קיין דערלויבעניש און קיין מעגלעכקייט אַדורכצוגיין די גרענעץ. צוריקקומענדיק קיין האַג האָט מיך געפרעגט מיין לערער, וועלכן איך האָב דעמאָלט געהאַט, „פאַרוואָס ביסטו נישט אַריבער די גרענעץ, ביסט דאָך שוין געווען נאָענט צו בעלגיע און פאַרוואָס ביסטו נישט געפאָרן ווייטער קיין בעלגיע, ווארום דאָרט וואָלסטו געקאָנט לייכט פאָרן אין דער שווייץ אָדער אין דעם נישט אָקופירטן טייל פראַנקרייך. ווארום יעדעס ייִנגל אָדער מיידל וואָס קאָן אַנט־רינען ווערן פון די דייטשן ווערט דאָך אָפּגעראַטעוועט פאַר אונדזער פאָלק, פאַר דער האָפענונג פון אונדזער צוקונפט". הערנדיק די דאָזיקע רייד האָב איך זיך געטראַכט, אַז איך האָב שוין געפונען אַ פאַרענטפערונג צו דער פראַגע וואָס איך האָב זיך אַ סך מאָל אַליין געשטעלט: „ווי אַזוי קאָן איך אַנטלויפן פון מיין פאָלק אין דער צייט ווען עס געפינט זיך אין אַזאַ צרה". אָבער דאָ, אין די ווערטער פון מיין לערער, וועלכן איך האָב דעמאָלט גע־האַט, האָב איך געטראַכט אַז איך האָב געפונען דעם תירוץ. און איצט, זיי־ענדיק אין בריסעל, ווייט פון דעם אָרט פון די אומגליקן פון מיין פאָלק, פיל איך אַז דער דאָזיקער תירוץ איז באמת אַ תירוץ, דאָס הייסט אַ תירוץ אין תלמודישן באַגריף. אין ענינים פון הלכה קאָן מען זיך באַנוצן מיט תירוצים, אָבער אין ענינים פון נשמה, פון האַרץ, רעדט נאָר דאָס געפיל. נאָר דאָס האַרץ האָט דאָ דאָס וואָרט. און איצט פיל איך, אַז איך בין נישט ניצול געוואָרן פאַר דער האָפענונג פון אונדזער פאָלק. להיפוך, איך זע זיך אין מיינע אייגענע אויגן ווי אַ פאַרעטער, וואָס איז אַנטלאָפן פון זיין פאָלק אין דער צייט פון זיין אומגליק. און נאָך מער. טיילמאָל דאַכט זיך מיר, אַז נאָר די ייִדן וואָס האָבן געליטן, וואָס האָבן געטראָגן אויף זיך דעם עול פון גלות, דעם ביטערן און שווערן, נאָר זיי וועלן זוכה זיין צו אַ ישועה און צו דער אויסלייזונג פון אונדזער פאָלק. אָבער די וואָס האָבן זיך אויס־באַהאַלטן, די וועלן אומקומען ווי די ייִדן וועלכע זענען אומגעקומען אין חושך מצרים.

אין דער צייט ווען אויף די ייִדן קומען אומגליקן אויף אומגליקן האָט אונדזער משפחה עפּעס אַזוי ווי מנוחה. פאַרשטענדלעך, אַז די מנוחה איז

נישט קיין פולשטענדיקע אַזוי ווי זי איז געווען אין די טעג פון שלום, אָבער דאָך בין איך בטוח אַז מיליאָנען פון אונדזער פאָלק וואָלטן געוואָלט אַזאַ לעבן ווי אונדזערס, דאָס הייסט ווי אונדזער משפחה לעבט איצט.

זעט אויס, אַז מיר האָבן עפּעס אַ באַזונדערן זכות אַדאַנק וועלכן ג״ט באַשענקט אונדז מיט גנאָד וועלכן ער טוט איצט מיט אונדז. אפשר איז עס איז זכות פון מיין זיידן, וועגן וועלכן דער טאַטע רעדט אַזוי אָפט צו זיין לויב. און אפשר איז עס אין זכות וואָס מיין טאַטע האָט זיך אַליין אָנ־געזאַמלט און וועלכער איז נישט קליין, לויט ווי איך קאָן אַליין אויפּווייזן. און אפשר דורךביידע זכותים און אפשר אויך דורך אַנדערע זאַכן און אַנדערע מענטשן זענען מיר ווערט דעם דאָזיקן חסד. אָבער איך בעט ביי ג״ט ער זאָל מיר מוחל זיין, וואָרום ער קאָן און ווייסט דאָך מיך: נישט געקוקט אויף דעם אַלעם גוטן וואָס מיר און איך בתוכם האָבן, געפין איך נישט קיין שום געװוּגונג פאַר מיין נשמה. יעדע רגע און רגע זאָג איך צו זיך אַליין — דו ביסט דאָ און דיינע ברידער געפינען זיך אין אַזאַ גרויסן אומגליק. און אַז איך הויב אָן הערן וועגן די אומגליקן, ווערט מיין האַרץ פול מיט אַ ווילן וואָס האָט גאָר קיין גרענעץ נישט, צו גיין צו מיינע ברידער, צו די קינדער פון מיין פאָלק און זיין מיט זיי צוזאַמען אין אַלע צרות. ג״ט ווייסט אַז איך ווידערשפּעניק נישט אין אים, און איך שטעל זיך אים נישט קעגן אין קיין שום זאַך, און ער ווייסט ווי דאַנקבאַר איך בין אים פאַר דעם, וואָס ער באַשיצט מיינע עלטערן, מיינע קליינע און גרויסע שוועסטער און מיין קליינעם ברודער. אָבער דאָך, נישט געקוקט אויף דעם אַלעם, נאָגט עפּעס מיין האַרץ, עפּעס אַן אומאויפהערלעכער חשק זיך משתתף צו זיין מיט מיינע ברידער יידן אין אַלעם וואָס קומט אויף זיי.

זייענדיק נאָך אין האַג דאָס לעצטע יאָר, האָב איך דאָרט באַזוכט אַ יידישע שול. דאָרט, אין דער שול, האָב איך געהאַט פאַר זיך צוויי גע־שטאַלטן, וואָס אין זיי זע איך דעם סימבאָל פאַר דעם גאַנצן פאָלק ישראל. דאָס ערשטע איז געווען אַ מיידל, וועלכע איך האָב ליב געהאַט און וועלכע איך האָב נאָך היינט ליב מיט אַ יוגנט־ליבע. זי האָט כמעט קיין איין מאָל צו מיר נישט גערעדט און אויך איך האָב צו איר נישט גערעדט. פונדעסט־וועגן פיל איך, אַז איך האָב געקאָנט דערקענען אין איר אויסדרוקן פון ליבע צו מיר. ווער ווייסט וווּ עס איז איצט דאָס דאָזיקע מיידל. אין די פרייע מינוטן, ווען איך טו גאָרנישט און ווען איך טראַכט אַביסל, דעמאָלט קומט איר געשטאַלט פאַר מיינע אויגן. אין איר גאַנצער שיינקייט דער־שיינט זי פאַר מיר. פאַרגאַנגענע וואָך איז נישט אַדורך קיין איין נאַכט, אַז איך זאָל נישט האָבן געזען איר בילד אין חלום. און ווען איך זע זי דערמאָן איך זיך איינצייטיק דאָס בילד פון מיין טייערן חבר, וועלכן איך האָב געהאַט אין האַג. מיט אים האָב איך אָפט גערעדט און אין דער פרייער

צייט, צווישן צוועלף און צוויי, האָבן מיר צוזאַמען געלערנט גמרא. ער איז געווען אַ יינגל אַ גוטהאַרציקער און נאָך מער ווי גוטהאַרציק איז ער געווען אָפנהאַרציק. אויך ער האָט ליב געהאַט אַ מיידל אין דער שול. אָבער ער האָט נישט מורא געהאַט, ווי איך, צוצוגיין צו איר און איר זאָגן, אַז ער האָט זי ליב, אהבת נפש. ער האָט זיך כלל וכלל נישט געשעמט דאָס צו טאָן. און ביי אים איז דאָס געווען אַ סך שווערער, ווייל ער האָט גע־הערט צו דער אגודה און זיי זענען געווען אין אַזעלכע זאַכן זייער „אָפּ־געהיטן". אָבער טראָץ דעם, וואָס ער איז געווען אַ חבר אין דער אגודה, און געווען איז ער עס נאָר מיטן גוף אָבער נישט מיט דער נשמה, האָט ער נישט פאַרהוילן זיין ליבע צו אַ יידיש מיידל, וועלכע איז לגמרי נישט געווען קיין פרומע. ער איז געווען רעכטפאַרטיק, אַז זיינס גלייכן איז גאָרנישט בנמצא. דערמאָנענדיק די דאָזיקע צוויי יידישע נשמות, וואָס זיי זענען פאַר מיינעטוועגן דער סימבאָל פון אונדזער גאַנץ פאָלק, ווייין איך נישט זעלטן דערמאָנענדיק זיך אונדזער לאַגע.

פרייטיק אין אָוונט, ליגנדיק אויף מיין געלעגער, האָב איך אויפריכ־טיק געוויינט דערמאָנענדיק זיי. איך האָב זיך געפרעגט: ווו זענען זיי, ווו איז מיין פאָלק, דאָס אויסדערוויילטע פאָלק פון אַלע פעלקער. איך בין נישט קיין וויינער. לויט ווי איך געדענק, האָב איך געוויינט אויף אַזאַ אופן נאָר דריי מאָל. איין מאָל — ווען איך בין נאָך געווען קליין, אין תשעה־באב. אין אָוונט פאַר תשעה־באב ווען איך בין שוין געווען גרייט צו גיין אין שול אַריין, האָב איך אַריינגעבליקט אין „איכה" און איך האָב פלוצים אָנגעהויבן צו וויינען. איך האָב זיך דעמאָלט דערמאָנט — און געווען איז עס נאָך פאַר דער מלחמה — אין אונדזער פאָלקס פאַרגאַנגענ־הייט, אין אונדזער נאַציאָנאַל לעבן, אין אונדזער לאַנד, און פון זיך אַליין אָנגעהויבן וויינען. דאָס צווייטע מאָל איז אויך געווען אין תשעה־באב. דער תשעה־באב איז שוין געהאַט כמעט פאַרביי. איך האָב א גאַנצן טאָג געפאַסט און עס איז נאָך געהאַט געבליבן אַ האַלבע שעה צו דער צייט, ווען מען מעג שוין עסן. דער קאָפּ האָט מיר וויי געטאָן און איך בין בעגאַנגען זיך צולעגן אויפן בעט. דאָס איז געווען דעם פאַרגאַנגענעם תשעה באב, ווען איך בין נאָך געווען אין האַג. דערמאָנענדיק זיך דעמאָלט דעם אומגליקלעכן מצב פון אונדזער פאָלק און די צרות וואָס זענען געקומען און זיך דערנענטערט צו אונדז אין יענע טעג, ווען מען האט שוין אָנגע־הויבן כאַפּן מענטשן, — מען האָט געכאַפּט יידישע בחורים אין אַמסטערדאַם און אויך אַנדערע מענטשן האָט מען געכאַפּט, — האָב איך דעמאָלט אויך אָנגעהויבן וויינען.

אַלץ איז מיר געוואָרן שווער, איך האָב געבעטן צו ג־ט מיט אַ צעבראָכן האַרץ, אַז ער זאָל זיך דערבאַרעמען אויף זיין פאָלק, אויף דער איבער־

בלייבונג פון יעקב, ער זאָל זיי צוריקנעמען צו זיך און זיך אויף זיי מרחם זיין, אז ער זאָל אונדז צוריקברענגען צוריק צו זיך און מיר וועלן זיך אומקערן און ער זאָל באַנייען אונדזערע טעג היינט ווי אַמאָל.

דאָס דריטע מאָל האָב איך געוויינט דעם היינטיקן פרייטיק־צו־נאַכטס. עס איז שוין געווען נאָענט צו עלף אַזייגער. איך בין זיך אַזוי געלעגן אויפן בעט נאָך אין אַנטוועכץ, און איך האָב אַ טראַכט געטאָן וועגן מיין חברטע און אויך וועגן מיין חבר און וועגן מיין גאַנץ פאָלק. פּלוצים האָבן זיך די טרערן אַ ריס געטאָן פון זיך אַליין, איך האָב זיי נישט געקאָנט איינהאַלטן.

זאָל זיך ג־ט מרחם זיין אויף זיין פאָלק. העלף־זשע אונדז ג־ט, אונ־דזער ג־ט, דערבאַרעם זיך איבער אונדז, ווייל נאָך אַ קליין ביסל — און מיר זענען פאַרלוירן. אויב מיר זענען נישט ווערט אויסגעלייזט צו ווערן, טו דאָס פאַר דיין נאָמענסוועגן, וואָס ווערט וואָס אַמאָל מער פאַרשוועכט צווישן די גויים.

אין די לעצטע טעג האָב איך אַביסל עפּטער ווי געוויינלעך גענומען מיין תנ״ך בכדי צו לייענען אים. אמערסטן האָב איך געלייענט די נקמה־נחמה פרקים אין נביאים אחרונים. איך האָב גענומען פון זיי כוח און גלויבן אין דער ישועה וואָס דערנענטערט זיך צו אונדז. אַנדערע זאַכן האָב איך נישט געלייענט. איצט האָב איך גענומען פון דער העברעאישער ביבליאָ־טעק דעם דרייצנטן טייל פון דער „התקופה״. פאַראַן דאָרט אַ סך דערציי־לונגען, לידער און אָפּהאַנדלונגען. אָבער איך האָב דאָרט כמעט גאָרנישט געפונען אין זיי. אַלץ איז דאָרט נישט וויכטיק אין מיינע אויגן. די דער־ציילונגען האָב איך נישט געוואָלט לייענען, ווייל איך האָב מורא געהאַט טאָמער וועל איך זיך פרייען און איך וויל זיך נישט פרייען אין די איצטיקע שלעכטע צייטן. אין די לידער האָב איך אינגאַנצן נישט געפונען קיין וויכ־טיקס. די איצטיקע צייט איז נישט פאַר קיין לידער. אין די אָפּהאַנדלונגען איז אויך נישט פאַראַן קיין סך, וואָס עס זאָל כדאי זיין אַריינצוטראַכטן זיך אין זיי. כמעט אויף אַלץ קוק איך ווי אויף פּלאַפּלערייען פון קינדער, וואָס וואָס ווייסן נישט וואָס זיי רעדן. פאַראַן מאמרים וואָס די טעמעס וואָס זיי באַהאַנדלען זענען נישט ווערט קיין פּרוטה. פאַראַן דאָרט אָפּהאַנדלונגען, אין וועלכע עס ווערט גערעדט וועגן ציוניזם און וועגן ענינים וואָס רירן אים אָן. און פאַר מיר דינט דער ציוניזם איצט ווי אַ באַווייז, ווי אוממעכטיק מיר זענען זיך צו העלפן אין דעם מינדעסטן. דער ציוניזם איז איצט פאַר אונדז אַ זאַך וואָס דערוויזט אונדז, אַז אַנדערש האָט עס נישט געקאָנט זיין ווי עס איז איצט. נאָר דורכן וועג פון אומגליקן אויף וועלכן מיר גייען איצט וועלן מיר קאָנען דערגיין צו דער פולשטענדיקער ישועה, צו דער גאולה שלמה. נאָר וויסנשאַפטלעכע זאַכן וואָס זייערע טעמעס זענען ענינים

פון הלכה אָדער דאָסגלייכן קוק איך איבער, איך קוק אויך איבער די נאָטיצן. אין אַראַביש גיי איך פּאָרויס. איך בין שוין געקומען צו די צייטווערטער מיט „המזא״. איך האָב גערעכנט, אַז בקרוב וועל איך דערהאַלטן דאָס לערנבוך אין פראַנצויזיש. אָבער מיט אייניקע טעג צוריק האָב איך געהערט, אַז די האָבן שוין נישט דאָס דאָזיקע בוך.

פון די פראָנטן איז נישט פאַראַן קיין סך נייעס. מען זאָגט, אַז די רוסן גייען פאָרויס פון טאָג־צו־טאָג. אָבער די דייטשן האָבן גאָרנישט מודיע געווען וועגן דעם דאָזיקן פאָרויסמאַרש. זיי שרייבן שטענדיק וועגן גרויסע רוסישע אַטאַקעס. אָבער נישט געקוקט אויף זייער שטאַרקייט, פאַרטיידיקן זיי זיך זייער שטאַרק און די רוסן האָבן נישט דערגרייכט קיין רעאַלע רעזולטאַטן. אין איינער פון די פאַרגאַנגענע נעכט האָבן די ענגלענדער געמאַכט אַ לופט־אַנגריף אויף בערלין. זיי האָבן געוואָרפן באָמבעס און צוויי און אַכציק דייטשן זענען דערהרגעט געוואָרן. אָבער לויט מיין מיינונג וועט מען די דייטשן מיט זייערע פאַרבינדעטע נישט באַזיגן מיט וואַרפן באָמבעס, אפילו אויף בערלין. יעדנפאַלס האָבן מיר יידן נישט וואָס צו רעכענען אַז מיט די לופט־אַנגריפן וועט קומען צו אונדז די ישועה. אין צפון־אַפריקע זעט אויס גייען די ענגלענדער פאָרויס. מען זאָגט, אַז זיי זענען זעכציק קילאָמעטער פון טריפּאָלי. אַ שפּאַנישער מיניסטער איז געפאָרן קיין דייטשלאַנד. ווי עס זעט אויס וועלן די שפּאַניער אויך אַריין אין דער מלחמה. אָבער דאָס איז נאָך נישט זיכער.

## ט״ו שבט

נעכטן האָט מיר די מאַמע געזאָגט איך זאָל גיין צום שמש, וועלכן איך האָב שוין איבער עטלעכע מאָל דערמאָנט, און קויפן ביי אים קאַרטן אויף מלבושים, און אויב ער האָט, זאָל איך ביי אים אויך קויפן ברויטקאַרטן. איך בין צו אים צוגעגאַנגען. איך בין געווען אַביסל אויפגעהייטערט. עס איז געווען וואַרעם. די זון האָט געשיינט. איך האָב געפילט אַז דער פרילינג איז שוין אָנגעקומען טראָץ דעם, וואָס עס איז איצט פופצן טעג אין שבט.

איך האָב גענומען די באַן נומער פינף און צו אים צוגעפאָרן. קומענדיק צו זיין הויז, האָב איך געקלונגען איין מאָל, צוויי מאָל, דריי מאָל, אָבער די טיר האָט זיך נישט געעפנט. איך האָב געקלונגען אין גלאָק וואָס דער שמש האָט פאַר זיך אליין געמאַכט, וואָס האָט געפירט דירעקט אין זיין דירה, בכדי אז מען וועט קלינגען צו אים זאָל מען נישט שטערן די שכנים וואָס וווינען אויף די אנדערע שטאָקן. אָבער ווען קיינער האָט נישט געעפנט, האָב איך געקלונגען אין אלגעמיינעם גלאָק, וואָס איז פאַרן גאנצן הויז. ווען איך האָב צוויי מאָל אָנגעקלונגען האָב איך דערהערט אז מען איז געקומען

עפענען די טיר. די טיר האָט זיך געעפנט און אין איר האָט זיך באַוויזן א פרוי. איך האָב געזען אז זי ציטערט אינגאַנצן. איך האָב זי געפרעגט, צי די מענטשן צו וועלכע איך האָב געקלונגען, זענען נישט אין דער היים. זי האָט מיר געענטפערט אין פראַנצויזיש אז נעכטן איז מען געקומען מיט א מאַשין נעמען די דאָזיקע מענטשן. ווען איך האָב דערהערט דאָס נייעס, בין איך אינגאַנצן דערשיטערט געוואָרן.. איך האָב געציטערט אויפן גאַנצן גוף און איך האָב געפילט ווי איך שטיי פּנים אל פּנים מיטן מלאך־המות. בכדי וויסן קלאָרער וועגן דעם וואָס איז פאַרלאָפן, האָב איך זי געפרעגט, ווער זענען דאָס געווען די מענטשן, וואָס זענען געקומען נעמען די פאַמי־ליע, האָט זי מיר געענטפערט: די דייטשן. נאָך דעם ווי זי האָט מיר דאָס געזאָגט, האָט זי מיר געוויזן די טירן וואָס זענען געווען פאַרחתמעט מיט א שטאַמפּ, אויף וועלכן עס איז געווען א האַקנקרייץ. איך האָב געזאָגט דער פרוי, אז איצט פאַרשטיי איך שוין אַלץ. זי האָט גערעדט צו מיר אַזוי ווי זי וואָלט געבעטן ביי מיר אַנטשולדיקונג דערפאַר, וואָס זי איז נישט געווען אין דער היים, ווען מען איז געקומען זיי נעמען. איך בין אַוועקגע־גאַנגען. שטייענדיק אויף דער גאַס פאַרן הויז, האָב איך באַמערקט, אז די לאָדנס זענען פאַרמאַכט. איך האָב זיך געטראַכט וויפיל מי האָט זיך דאָס דער מענטש געגעבן זיך אויסצובאַהאַלטן פאַר די דייטשן — און איצט איז ער טראָץ זיין גאַנצער טירחה געכאַפּט געוואָרן, ער, זיין ווייב און זיינע צוויי קינדער. די ייִנגערע איז געווען א מיידל פון א יאָר פיר. גייענדיק צום טראַמוויי, האָב איך נאָך אינגאַנצן געציטערט. איך האָב נישט געוווּסט, וואָס איך זאָל טראַכטן. דאָס מאָל האָט זיך מיר אויסגעוויזן ווי איך אַליין וואָלט געווען אן עדות פון דער דאָזיקער כאַפּונג. אין די אַנדערע פאַלן, ווען מען האָט געכאַפּט באַגינען די מענטשן, בין איך שוין וועגן דעם פריער געוויר געוואָרן, איידער איך האָב באַדאַרפט צו די דאָזיקע מענטשן גיין. און דעמאָלט האָב איך זיך געטראַכט, אז די מענטשן זענען פאַר מיר ווי פאַרשווּנדן געוואָרן. זיי עקזיסטירן מער נישט פאַר מיר. זיי זענען אַוועק אין א צווייטער וועלט, וועלכע איז פאַר מיר א סך ענלעך צו יענער וועלט. אָבער דאָ איז אַלץ געווען אַנדערש. איך האָב גאָרנישט געוווּסט און בין זיך, גאָרנישט מיינענדיק, געגאַנגען צו זיי קויפן דאָס, וואָס איך האָב באַ־דאַרפט און זיך גיין מיין וועג. אָבער עס איז געווען ווי די דייטשן וואָלטן דאָס נישט געוואָלט דערלאָזן, און זיי האָבן אים פון פאַר מיר פאַרכאַפּט מיט זיין משפחה. פון דער קליינער פרייד וואָס איך האָב געהאַט גייענדיק צו אים איז גאָרנישט פאַרבליבן. קלאָג און טרויער האָבן פאַרפולט דאָס אָרט פון פרייד. גייענדיק אהער, האָב איך מיר געהאַט באַשלאָסן צו גיין זומער שפּאַצירן אינעם וועלדל וואָס געפינט זיך אין דער נאָענט פון אונדזער שטוב. אָבער ווען איך בין צוריק אַהיימגעקומען, האָב איך מבטל געמאַכט

אלע שפּאַצירן און אלע זאכן, וועלכע איך האָב אין זינען געהאַט צו טאָן דעם קומענדיקן זומער. איך האָב שוין פון גאָרנישט נישט געוואָלט קיין הנאה האָבן.

צו בלייבן טרויעריק גאַנצע טעג און איבערבלייבן א גאַנצן זו־מער אין שטוב, דאָס האָב איך געוואָלט. אפילו דאָס קלענסטע פאַרגעניגן וועל איך נישט אָנטאָן מיין גוף. נאָר צו זוכן מעגלעכקייטן ווי אַזוי זיך אליין צו פּייניקן — דאָס וועל איך זוכן. מיט מיין גאַנצן גוף און מיט מיין גאַנצער נשמה וויל איך זיין פאַרבונדן מיט מיין פאָלק און מיט זיין ביטערן גורל. אַן אומגליק וועט קומען אויף אים, זאָל עס אויך קומען אויף מיר. א זון צו מיין פאָלק וויל איך זיין. איך ווייס נישט מיט וואָס איך וועל קאָנען פאַרטרייבן אפילו די קלענסטע פריידן פון מיין האַרץ, אָבער איך וועל שוין געפינען מיטלען דערצו.

איך האָב זיך געטראַכט אין מיין האַרצן, אין וואָס פאַרא מצב זענען די מענטשן אריינגעגאַנגען אין דער מאַשין מיט די דייטשן. מיט געוויין? אָדער זיי האָבן זיך געשטאַרקט און אין זינען פון די ווערטער „און אין דיין האַנט ענטפער איך איבער מיין גייסט״ זענען זיי אין איר אריינגעגאַנגען. עס זענען קוים אַדורך צוויי וואָכן זייט דער מענטש האָט געענדערט זיין אַדרעס. דאָס איז געווען פאַרבונדן מיט גרויסער מי, אָבער ער האָט דאָס געמוזט טאָן. אַנדערש וואָלט מען אים געקומען נעמען. ווען איך בין אַהיימגעקומען האָט מיר די מאַמע דערציילט, אַז נאָך מיט צוויי טעג צוריק איז זי געווען ביי דער דאָזיקער פאַמיליע. די פרוי האָט געזאָגט צו מיין מאַמען: זעצן זי זיך. ווען מיין מאַמע האָט זיך אויפגעזעצט, האָט די פרוי איר דערציילט, מיט עטלעכע טעג צוריק איז מען געקומען זיי זוכן אויף דעם אַלטן אַדרעס. זי האָט נאָך צוגעגעבן, אַז אין דער ריכטיקער צייט זענען זיי פון דאָרט אַוועק. און אַז דער אויבערשטער זאָל געבן, אַז דאָס וואָס איז געשען זאָל זיין, ווי מען זאָגט דאָס אין יידיש, אין א מזלדיקער מינוט. ווען זי האָט דאָס געזאָגט איז איר מאַן געזעסן פאַרזונקען אין זיינע געדאַנקען. און איצט זענען זיי שוין נישטאָ. דער דאָזיקער מאַן איז נאָך פון פאַר דער מלחמה געווען פון די פאַרפאָלגטע פון די דייטשן. שוין דאָס צווייטע מאָל ווי ער איז מיט זיין פאַמיליע אריינגעפאַלן אין דייטשע הענט. דאָס ערשטע מאָל האָט ער נאָך געקאָנט אַנטלויפן פון דייטשלאַנד מיט צען מאַרק אין קעשענע. דאָס מאָל האָט ער גאָרנישט מיט זיך מיטגענומען. איך האָב נישט געוווּסט, וואָס צו טראַכטן, וואָס זאָגן, וואָס טאָן.

איך האָב געזען אַז די „גויים״ אין גאַס זענען נאָך פריילעך, לוסטיק און קיין שום זאַך רירט זיי נישט אָן. די זאַך איז געגליכן צו א גרויסן זאַל אין וועלכן עס זענען פאַראַן א סך מענטשן, וואָס פרייען זיך, טאַנצן, רודערן אַרום און דאָרט זענען אויך פאַראַן נישט קיין סך מענטשן, וואָס פרייען זיך

נישט, טאנצן נישט. פון צייט צו צייט קומט מען און מען נעמט מענטשן פון דער דאָזיקער קליינער צאָל. מען פירט זיי אוועק אין א זייטיק צימער און מען דערשטיקט זיי. די מענטשן וואָס טאנצן, הוליען גייט דאָס כלל וכלל נישט אָן. אין פלוג זעט דאָס אויס ווי דאָס וואָלט נאָך פארשטארקט זייער צעהולטעקייט.

אזוי איז עס און נישט אנדערש. די „גויים" זענען ממש חיות. אויך צו דעם נישטיקייט וועט קומען א טאָג פון באצאָלונג.

דאווענענדיק אין דעם טאָג מנחה האָב איך געוואָלט אויסגיסן מיין הארץ פאר ג־ט אין דער שמונה־עשרה. אָבער די שמונה־עשרה איז צו קליין געווען פאר מיר. איך האָב נישט געקאָנט אריינגעבן אין איר אלץ, מיט וואָס מיין הארץ איז איבערפולט. איך האָב נישט געוווסט אין וועמענס זכות איך זאָל בעטן. די אבות זענען זייער ווייט פון אונדז. אין זכות פון אונדזער פאָלק? ווי עס זעט אויס האָט עס שוין מער נישט קיין זכות. אנדערש וואָלט נישט געקאָנט אויף אונדז קומען אזויפיל אומגליקן. און אפשר איז די תפילה, וואָס קאָן אטמערסטן פועלן, מתפלל צו זיין אויף דער גרויס פון אונדזער אומגליק. ווארום ווי גרויס עס זאָל נישט זיין אונדזער זינד — זענען די צרות אומפארגלייכלעכער גרעסער. נאָך אביסל און מיר זענען פארלוירן.

## כ׳ שבט התש״ג

דעם פארגאנגענעם מוצאי־שבת בין איך געגאנגען קויפן א צייטונג. נאָך דעם ווי איך האָב די צייטונג געקויפט, האָב איך אין איר אביסל אריינגעקוקט און דערזען מיט גרויסע אותיות: טריפּאָלי איז איינגענומען געוואָרן דורך די ענגלענדער. אהיימקומענדיק האָב איך דאָס דערציילט דעם טאטן. ער האָט זיך זייער געפרייט און געזאָגט עטלעכע מאָל „ער האָט שוין אריינגעכאפּט א סוף", „מען האָט אים שוין געלערנט", און נאָך אזעלכע אויסדרוקן. הערנדיק דעם טאטן אזוי רעדן, האָב איך זיך געטראכט, איז טאקע די דייטשע מפּלה נאָענט, צי קומט שוין טאקע די ישועה און ז' דערנענטערט זיך צו אונדזער פאָלק? און אזוי ווי עפּעס א שטימע האָט געענטפערט אין מיר: ניין און ניין! נישט דורך די ענגלענדער אָדער דורך אן אנדער פאָלק וועט יהודה געהאָלפן ווערן. איך האָב געזאָגט דעם טאטן, אז דאָס וואָס די ענגלענדער האָבן איצט איינגענומען איז נאָך גאָרנישט. ביי אביסל מזל וועלן די דייטשן צוריק פארנעמען דעם גאנצן געביט, וואָס זיי האָבן איצט, דורך דער ענגלישער אָפענסיווע, פארלוירן. נישט בחינם זענען זיי אריין אין טוניס. דער טאטע האָט מיר געענטפערט, אז איך בין א נאר און אן עקשן און לסוף האָט ער נאָך אביסל געצאָרנט אויף מיר און מיר האָבן שוין מער וועגן דעם נישט גערעדט. אָבער גייענדיק שלאָפן איז פון מיר דעו דאָזיקער געדאנק נישט אָפּגעטראָטן. דאכט זיך, אז איך האָב שוין

וועגן דעם געשריבן עטלעכע מאָל און שוין אַ סך מאָל האָב איך געטראַכט וועגן דעם, צי וועט קומען צו אונדז די הילף דורך אַ נצחון פון ענגלאַנד, אַמעריקע אָדער רוסלאַנד. ביי מיין גאַנצער ליבע צו אונדזער פאָלק און ווי באַליבט עס איז אויף מיר, קאָן איך נישט האָפן אויף אַזאַ הילף. און אפשר דווקא דערפאַר, וואָס איך האָב אַזוי ליב מיין פאָלק, קאָן איך נישט האָפן אויף אַזאַ גאולה, צוליב דעם פשוטן טעם, אַז דאָס וועט אינגאַנצן קיין ישועה נישט זיין. דער נצחון פון דער קאָאַליציע וועט נאָר ברענגען מיט זיך דעם סוף פון דעם איצטיקן אומגליק. צו דעם אומגליק וואָס קומט פון די דייטשן. אָבער איינציייטיק וועט דאָס זיין אַן אָנהויב פון נאָך גרעסערע אומגליקן, ווי די פריערדיקע. אויפן אָרט פון דעם אומגליק וואָס קומט אויף אונדז פון די דייטשן, וועט קומען וועלט־אומגליק, עס וועט קומען גרענעצלאָזער אַנ־טיסעמיטיזם. ווייל דער סם, וואָס ער, דער רשע, ימח־שמו, האָט אריינגעטאָן אין דער מענטשהייט קעגן די יידן, גייט און פאַרשפרייט זיך, און נאָך דער מלחמה מיט אַזאַ נצחון, וועט דער אַנטיסעמיטיזם נישט בלייבן איזאָלירט אין די גרענעצן פון די באַזיגטע, נאָר ער וועט אריבער די גרענעצן פון די זיגער. ווייל פאַר די אומענדלעכע קריזיסן וואָס וועלן קומען נאָך דער מל־חמה וועט מען מוזן געפינען שולדיקע, און ווער טויג מער דערצו, צו זיין דער שולדיקער, ווי דער ייד, ווי דאָס אומגליקלעכע, שוצלאָזע יידישע פאָלק? ניין, נישט פון די ענגלענדער, נישט פון די אַמעריקאַנער און נישט פון די רוסן וועט קומען אונדזער הילף. פון ג־ט ברוך הוא, פון זיין כבוד און פון אים אליין וועט זי דאַרפן קומען. און אויף דעם בעט איך יעדעס מאָל. אַט דעריבער זע איז אין יעדן לאָקאַלן נצחון פון דער קאָאַלי־ציע־מלוכות, אַ פאַרלענגערונג פון די צרות. שוין עטלעכע מאָל, ווען איך קום צו דעם דאָזיקן באַשייד קומט אריין אין מיין האַרץ אַ צווייפל, צי איז שוין טאַקע געקומען די צייט, מיר זאָלן זוכה זיין צו דער גאולה? צי קומט שוין און עס דערנענטערט זיך די רגע פון ענדגילטיקן סוף פון אונדזער גלות וואָס דויערט שוין צוויי טויזנט יאָר?

די לעצטע צייט האָב איך — מער ווי איך האָב עס געטאָן פריער — געלייענט די ווערטער פון די גרויסע נביאים אחרונים, דער עיקר אין זייערע פּרקים פון טרייסט און נקמה. דער עיקר האָב איך געמערט צו לייענען אין ירמיהו, ווייל אין זיינע רייד, וואָס זעען אויס אין פלוג צו זיין הארבע, אָבער קוואַלן ארויס פון אן איידל האַרץ פול מיט ליבע צו זיין פאָלק, געפין איך אַממערסטן טרייסט און באַרואיקונג. יעדעס מאָל ווען איך לייען די פּרקים, וואָס רעדן וועגן דער צוקונפט, וועגן די טעג פון משיח, אחרית הי־מים, וועגן די צייט פון אומגליקן אויף ישראל, פיל איך ארויס פון יעדן באַזונדערן אות, פון יעדן טייל פון אַן אות, אַז די דאָזיקע ווערטער זענען געוואָגדן אויף אונדזער איצטיקער צייט. מיט מיין גאַנץ ווייזן האָב איך

געפילט, אַז נאָר און אויסשליסלעך צו דער איצטיקער עת־צרה צילן די דאַזיקע ווערטער, ווייל אנדערש וואָלטן זיי מיך נישט געקאָנט אזוי טרייסטן, ווייל אנדערש וואָלטן זיי מיך נישט געקאָנט אזוי בארואיקן, אזוי ווי זיי טוען דאָס; ווייל אנדערש וואָלטן זיי נישט געקאָנט אויף מיר אזוי משפיע זיין, מנוחה און שלוה קומט אויף מיר, ווען איך לייען די דאָזיקע קאַפּיטלען.

און אפשר, אפשר איז די גאנצע זאך נישט מער ווי א סוגעסטיע. דאָס אלץ שטאמט נאָר פון די אומענדלעכע אומגליקן, וואָס זענען געקומען און קומען אויף אונדז. יעדן טאָג נייע אומגליקן, נייע פּייניקונגען, נייע רוצחישע קלעפּ. יעדן טאָג און טאָג, אָן א סוף. ווייל באמת גרויסע אומגליקן קומען אויף אונדז, און איצט מיין איך נישט די אומגליקן פון אונדזער פאָלק בכלל, וואָס זיי רירן אָן מיין הארץ מיט דער זעלבער מאָס ווי זיי רירן אָן מיינע פאראומגליקלעכטע ברידער, און אפשר נאָך מער, ווייל איך לייד נישט אָנשטאָט זיי. נישט די צרות מיין איך איצט. איצט מיין איך די צרות וואָס רירן דירעקט אָן מיך און מיין משפחה. נאָך עטלעכע חדשים מנוחה האָט אויך צו אונדז אָנגעקלאַפּט דאָס אומגליק פון מיין פאָלק. דאָס פּאָרכטיקע אומגליק פון מיין פאָלק.

דעם פארגאנגענעם זונטיק בין איך געזעסן איינער אליין ביים טיש און געלערנט אראביש. איך בין געווען אליין אין הויז. מיינע עלטערן מיטן ברודער און עטלעכע פון מיינע שוועסטער זענען געגאנגען מיט א באזוך צו א געוויסן מענטש און די אנדערע שוועסטער מיינע זענען געגאנגען שפּאַצירן. איך בין זיך אזוי געזעסן ביים טיש און פּלוצים האָט מען אָנגעקלונגען. איך בין צוגעגאנגען צום פענצטער זען, ווער עס קלינגט. און איך האָב געזען, אז א בעלגישער פּאָליציסט קלינגט. איך בין אראָפּ צו דער טיר און זי געעפנט. דער פּאָליציסט איז אריינגעקומען און מיך געפרעגט, ווער עס וווינט דאָ. איך האָב אים געענטפערט, אז אויפן צווייטן שטאָק וווינט א פאמיליע פון ניין נפשות. איך האָב אים געזאָגט, אז די איבעריקע פאמיליע־מיטגלידער זענען אוועקגעגאנגען און נאָר איך אליין בין איצט אין הויז. דער פּאָליציסט האָט מיך געפרעגט וועגן די אידענטיטעט־קארטע. איך בין געגאנגען זי נעמען און זי אים דערלאנגט. קומענדיק מיט דער קארטע, האָב איך אים געפרעגט, צי איז מיר דערלויבט צו וויסן, צו וואָס ער דארף האָבן אונדזערע נעמען. ער האָט מיר געענטפערט, אז ער דארף פארצייכענען אין זיין בוך אַלע איינוווינער פון זיין קווארטאל. ער האָט זיך פארצייכנט מיין נאָמען און געזאָגט, אז ער וועט קומען מאָרגן פינף אזייגער צו פארצייכענען די נעמען פון די אנדערע משפחה־מענטשן. ווען דער טאטע מיט דער מאמען און מיט די שוועסטערן זענען אהיימגעקומען, האָב איך אין געהיים דערציילט דעם טאטן וועגן דעם פּאָליציסט, וואָס איז גע־ווען. דער טאטע האָט זיך אביסל דערשראָקן און אָנגעהויבן וועגן דעם

אריינטראכטן. צומאָרגנס איז מיין מאמען אויך באוווסט געוואָרן וועגן דעם פּאָליציסט. די מאמע האָט זיך זייער דערשראָקן. פאַרנאכט האָבן מיר געוואַרט אויפן פּאָליציסט אָבער ער איז נישט געקומען. צומאָרגנס אינדער־פרי האָבן מיר פּלוצים דערהערט זייער א לאַנגן קלונג. עס האָט געקלונגען דער פּאָליציסט. מיין שוועסטער האָט אים געעפנט די טיר און האָט אים געבעטן ארויפגיין אויבן אין צימער. דער טאַטע איז פארלאָפן דעם וועג און אים אריינגעפירט אין קיך. דאָרט האָט דער פּאָליציסט אָנגעהויבן אויספרעגן דעם טאטן די נעמען פון די מענטשן וואָס וווינען דאָ. ער האָט אויך געפרעגט דעם טאטן, פארוואָס ער האָט זיך נישט רעגיסטרירט אין דער שטאָט־פּארוואלטונג. מיר זענען געווען פארעגיסטרירט אין בריסעל אָבער וווינען האָבן מיר געוווינט אין שכארבעק. דער טאטע האָט אים גע־ענטפערט עפּעס א תירוץ. דער סוף איז געווען, אז דער טאטע האָט אים געבעטן, ער זאָל אונדז נישט פארעגיסטרירן אין זיין בוך און ער זאָל וואַרטן דערמיט ביז דער צווייטער וואָך. דער פּאָליציסט האָט צוגעזאָגט צו דערפילן מיין טאטנס ווונטש. דער טאטע האָט אים געגעבן א שאכטל ציגארעטן און דער פּאָליציסט איז אוועק. דורך דעם דאָזיקן פאל איז פארשטענדלעך אריין א מהומה אין אונדזער שטוב. ווייל מיר ווייסן נישט וואָס מיר האָבן צו טאָן. די מאמע וויל מיר, זאָלן פון דאנען אוועק און מיר זאָלן דינגען אַ דירה אין בריסעל גופא, ווייל מיר זענען פארעגיסטרירט אין דעם בריסעלער שטאָט־פּארוואלטונג, און אויב מיר זאָלן זיך איצט איבערעגיסטרירן אין שכארבעקער שטאָט־פּארוואלטונג גייט די דאָזיקע איבערעגיסטראציע אדורך דורך דער געסטאפּאָ, דאָס הייסט, דורך דער דייטשער פּאָליציי. פארשטענד־לעך, אז דער טאטע וויל דאָס נישט, ווייל דורך דעם וואָרט אונדז א גרויסע סכנה. איך האָב געמוזט א גאנצן טאָג גיין זוכן אין די צייטונגען דירות און טאָן נאָך אנדערע ארבעטן. דער טאטע איז געגאנגען זוכן דעם מענטש וועל־כער האָט אים א סך געהאָלפן ביים רעגיסטרירן זיך אין בריסעלער שטאָט־פּארוואלטונג. און מאָרגן דארף ער זיך מיט אים טרעפן. דערווייל איז די מאמע זייער טרויעריק. יעדע פרייע מינוט וויינט זי. ביינאכט האָט זי מורא צו גיין שלאָפן, ווייל זי האָט געטראכט טאָמער קומען די דייטשן זי נעמען ביינאכט. זייער מנהג איז צו קומען ביינאכט.

ווען איך שרייב דאָס, האָט שוין די שעה דערגרייכט צו איינס נאָך האלבער נאכט, און געלויבט איז ג־ט — עס איז נאָך גאָרנישט געשען. זאָל ג־ט שוין העלפן זיין פאָלק, זאָל ער אונדז ארויסהעלפן פון דעם דאָזיקן אומגליק, ווייל עס איז שוין נישט מעגלעך מער צו דערטראָגן.

אלץ וואָס מיר ווייזט זיך אויס און וואָס איך פיל לייענענדיק די קאפּיט־לען נביאים, וועגן וועלכע איך האָב אויבן גערעדט, מוז זיין אמת. ווייל אנדערש פארלוירן זענען מיר פארלוירן. עס איז נישט מעגלעך מער די

צרות צו פארטראַגן. זיי זענען באמת אומענדלעך.

היינט נאָכמיטאָג איז מיר באַוווּסט געוואָרן נאָך איין זייט פון די אָן א שיעור אומגליקן. מיין שוועסטער האָט מיר דערציילט, אז די פרוי וועגן וועלכער איך האָב שוין אמאָל געשריבן, וועלכע איז געכאַפּט געוואָרן מיט דער גאַנצער משפחה, איז אַראָפּ פון זינען! פריער איז מיר אפילו קיין איין מאָל נישט איינגעפאלן, אז פון גרויסע צרות, קאָן מען משוגע ווערן. אָבער איצט איז מיר באַוווּסט געוואָרן, אז אויך דאָס אומגליק האָט אין אונדז נישט פארגעסן. משוגעת איז שוין אויך צו אונדז אריין. די תוכחה גייט און ווערט פארווירקלעכט אויף מיינע אויגן וואָרט ביי וואָרט, אות ביי אות. ווען איך האָב געהערט, אז די גוטע פרוי איז משוגע געוואָרן, האָב איך פּלוצים פאַר־שטאַנען דאָס, פארוואָס איך האָב ביז איצט מורא געהאַט. ביז איצט ווען איך פלעג זען מיין מאַמען פארזונקען אין אירע מחשבות, פלעג איך אָנהויבן מאכן וויצן, מאכן זי לאכן בכדי זי זאָל נישט זיין אזוי אריינגעטאָן אין אירע געדאנקען. און פון מאָל צו מאָל האָב איך געזאָגט צו דער מאַמען, מיר זאָלן זיך נישט לאָזן אראָפּשטויסן, מיר זאָלן זיך נישט לאָזן דערנידעריקן, נאָר טראָץ דעם ווילן פון דעם רשע און זיינע אלע קאָלעגן — ימחו שמם — לאָמיר לאכן און זיין פריילעך. איצט פארשטיי איך, פארוואָס איך האָב דאָס געטאָן. וואָרום עס איז דאָך נאָך פאַראַן משוגעת אויף דער וועלט. און אויב עס זענען פאַראַן צרות, וואָס קאָנען אונדז אראָפּפירן פון זינען, זענען דאָס די צרות ישראל, די יידישע צרות, וואָס זענען באמת אומענדלעך.

פארשטענדלעך, אז אין אזא מצב האָב איך נישט געמערט צו לייענען און נאָך וויניקער האָב איך געלערנט אראביש.

פון די פראָנטן קומען נאָר „גוטע" ידיעות. די דייטשן ציען זיך אומע־טום צוריק, סיי אין רוסלאַנד, סיי אין צפון־אַפריקע. די דייטשן זענען זיך אפילו מודה אין א גרויסן טייל פון די דאָזיקע זייערע ריקצוגן.

## כ"ג שבט

א לויב צו ג־ט! דאָס אומגליק וואָס האָט שוין געלויערט אויף אונדז און דורך וועלכן מיר זענען שוין כמעט געווען צווישן די געכאַפּטע מיט די אנדערע קינדער פון אונדזער זאַלק — איז פארביי. דער טאַטע איז געגאַנגען צו דעם מענטש, וואָס האָט אונדז געהאָלפן ביי דער ערשטער רעגיסטראַציע, און דורך אים קאָנען מיר פארבלייבן אויף אונדזער איצטיק אָרט און מיר מוזן זיך נישט איבערציען נאָך בריסעל. אָבער אין א סכנה געפינען מיר זיך כסדר. ווייל פריער זענען מיר געווען פארעגיסטרירט אין בריסעלער שטאָט־פארוואלטונג אויף אן אדרעס אויף וועלכער מיר האָבן נישט געוווינט, און איצט וווינען מיר אין דעם זעלבן הויז, וועלכעס מיר האָבן אויפגעגעבן בעת דער רעגיסטראַציע אין דער שטאָט־פאַרוואלטונג. אָבער אין זיין גרויס דערבאַרעמדיקייט וועט

אונדז ג־ט ווייטער אָפּהיטן און בקרוב וועט ער העלפן זיין פֿאָלק, וואָס אים האָט ער אויסדערוויילט. ווייל די אומגליקן ווערן וואָס אמאָל גרעסער און גרעסער. ווען עס וואָלט געווען אָפּהענגיק פון די דייטשן, וואָלטן זיי נישט דערלאָזט, אז אפילו איין ייד זאָל בלייבן וווינען דאָרט ווו ער האָט געוווינט פאַר דער מלחמה. אָבער ווייל א סך יידן באַהאַלטן זיך אויס פאַר די דייטשן, קאָנען די דייטשן זיי נישט אויסכאַפּן. דאָך, טראָץ דעם, וואָס די יידן באַהאַלטן זיך אויס כאַפּט מען פונדעסטוועגן יעדן טאָג יידן. ווייל מען זאָגט, אז עס זענען פאַראַן א סך „מוסרים", וואָס געבן איבער די דייטשן די ערטער אין וועלכע די יידן באַהאַלטן זיך פאַר זיי אויס. זיכער באַצאָלן די דייטשן גוט פאַר אזא מסירה, איצט האָב איך געהערט, אז א באַלוינונג פאַר אזא אָט מסירה איז טויזנט פראַנק. מיט עטלעכע טעג צוריק איז מען איבערגעפאַלן אויף עטלעכע גאַסן מיטאַמאָל און עס זענען געכאַפּט געוואָרן א סך יידן. צווישן די געכאַפּטע איז אויך פאַראַן א פֿאָטער מיט זיינע טעכטער און די מוטער איז איצט אין א סאַנאַטאָריום. און נאָך אומגליקן זענען פאַראַן, אָבער עס איז אוממעגלעך זיי אַלע אַרויסצושרייבן.

יעדנפאַלס דער דייטש ציט זיך צוריק אין רוסלאַנד. פריער האָט ער נישט באַוויליקט מודה צו זיין זיך אין די ריקצוגן אזוי ווי איצט. פון דעם זעט זיך מיר אויס, אַז ער האָט פאַר די ריקצוגן לגמרי קיין מורא נישט. ער טראַכט זיך אוודאי ביי זיך, אַז ווען עס וועט אַדורכגיין דער ווינטער וועט ער צוריק איינגעמען די אַלע געביטן וועלכע ער האָט פאַרלוירן. און ער האָט זיך נאָר צוריקגעצויגן אויף אַזויפיל אויף וויפל ער האָט געמוזט. אָבער צוריקציענדיק זיך באַמיט ער זיך אויסצוהרגענען אַזויפיל רוסן וויפל עס גיט זיך אים נאָר איין. צוליב דעם זעלבן טעם שטעלט ער נאָך אַלץ אַ ווי־דערשטאַנד די רוסן אין סטאַלינגראַד.

אַזוי ציי אַזוי האָפן די יידן צוליב זייערע גרויסע צרות צו אויסלייזונג און קוקן אויס יעדע רגע אויף אַ ישועה.

מען רעדט ווידער וועגן דעם קומען פון די ענגלענדער און די אַמערי־קאַנער. אָבער ביז איצט זענען זיי נאָך נישט געקומען.

אין מיין לערנען אַראַביש בין איך דערגאַנגען ביזן סוף פון צייטוואָרט און איצט וועל איך אַלץ איבערחזרן. דער טאַטע האָט מיר געבראַכט אַ גמרא פון שוחט, וועלכן מיר שיינט, אַז איך האָב אים שוין דערמאָנט. ווייל זי איז זייער צעריסן האָב איך נישט געקאָנט אָנהויבן פון ערשטן פרק, דעריבער האָב איך אָנגעהויבן לערנען דעם פרק „איזהו נשך".

## ז׳ אדר א׳

די לעצטע טעג איז געוואָרן אין מיר אַ לײדיקייט, וועגן וועלכער איך ווייס נישט פון וואַנען זי איז געקומען. איך האָב נישט קיין שום דראַנג עפּעס

צו טאָן, אָדער עפּעס צו שרייבן און קיין שום נייער רעיון קומט מיר נישט אויפן מוח. אַלץ איז טויט, אָדער, איך וויל האָפן, אַז נאָר איינגעדרימלט. איך ווייס נישט פון וואַנען עס איז געקומען די ליידיקייט, אָבער אַז זי איז דאָ — פיל איך מיט מיין גאַנצן גוף. ווען איך דאַוון דאַכט זיך מיר אויס, אַז איך דאַוון צו דער וואַנט און איך ווער בכלל נישט אויסגעהערט. און אין מיר איז ווי אַ קול וואָלט געזאָגט: וואָס דאַוונסטו? ג־ט הערט דאָך זיך נישט צו צו דיר, גיי לאָז אָפּ מיט דיינע תפילות. און שוין עטלעכע מאָל האָט אויפגעבליצט אין מיין מוח דער פּסוק, וואָס מיר דאַכט זיך, אַז איך האָב אים געהערט אין שמחת־תורה „און דיין הייליקן גייסט זאָלסטו נישט צונעמען פון מיר". יאָ, עס דאַכט זיך מיר אויס, אַז דער הייליקער פונק וואָס איך האָב שטענדיק געפילט אין זיך איז צוגענומען געוואָרן פון מיר און איך שטיי ליידיק, אָן גייסט, אָן געדאַנק, אָן יעדער זאַך, נאָר מיין אומגליקלעכער גוף איז מיר געבליבן. איך ווייס נישט וואָס צו טאָן. פריער, ווען עס פלעגט אויף מיר באַפאַלן אַ גייסטיקער דרימל אויף אַ קורצער צייט, פלעג איך גיין שפּעט שלאָפן, איך האָב געלייענט תנ"ך און געלערנט גמרא. אָבער דאָס איז מיר איצט אוממעגלעך. די יינגערע פאַר מיר שוועסטער, לאה, איז קראַנק געוואָרן אויף אַן אויסטערלישע קרענק און זי ליגט אין דעם בעט אין וועלכן איך בין שטענדיק געשלאָפן. דאָס בעט שטייט אַליין אין אַ צווייטן הויז און די רעשט משפּחה־מענטשן שלאָפן אין אַן אַנדער הויז (דורך הויז מיין איך דאָס, וואָס מען רופט דאָ אַפּאַרטאַמענט). שטענדיק, יעדעס מאָל ווען איך דאַוון בעט איך פון אויבערשטן ער זאָל צוריק אריינגעבן אין מיר דעם הייליקן גייסט. אָבער ביז איצט פיל איך נאָך אין מיר די ליידיקייט, וועלכע איז שוין אין מיר פאַראַן אַן ערך צוויי וואָכן. איך האָף אַז מיט ג־טס הילף וועט מיין שוועסטער געזונט ווערן פון איר קראַנקהייט און דעמאָלט וועל איך קאָנען טאָן וואָס איך האָב אויבן געשריבן.

אין די לעצטע טעג האָבן זיך די דייטשן אָן איבעררייס צוריקגעצויגן, ווי זיי זענען זיך דאָס אַליין מודה. זעט אויס אַז אין טערקיי געשעט עפּעס, ווייל דער ענגלישער פּרעמיער־מיניסטער איז דאָרט געוועזן און גערעדט מיטן ראש פון טערקיי. אַלע מענטשן רעכענען איצט, אַז די מלחמה וועט זיך גיך ענדיקן. אויך די פּרייזן פון די סחורות האַלטן אין איין פאַלן. מיין דעה וועגן דעם האָב איך שוין געשריבן דאָס פאַרגאַנגענע מאָל, און איך האַלט זיך נאָך דערביי. אויך מיין טאַטע איז פול מיט האָפענונג. אָבער טראָץ דעם וואָס אַלע און בפרט די יידן זענען פול מיט האָפענונג און אויך מיט אַביסל שמחה, כאַפּן די דייטשן יידן, אַזוי ווי עס וואָלט נישט פאָרגעקומען קיין שום ענדערונג אין זייער אייגענער לאַגע. כמעט אַלע יידן וועלכע מיר האָבן באַקענט אַהערקומענדיק, זענען געכאַפּט געוואָרן. נאָר דריי משפּחות, צווישן זיי איין רומענישע, וועלכע איז פּטור פון דער מצוה געכאַפּט צו ווערן, זענען

פאַרבליבן פון אונדזערע באַקאַנטע. נאָך דער פאַרגאַנגענער וואָך איז געכאַפּט געוואָרן אַ מענטש פון פינף און זעכציק יאָר און זיין פרוי.

מער קיין נייעס איז נישטאָ. איך גיי אָן מיט מיין לערנען אַראַביש. אָבער יעדעס מאָל ווען איך לערן זע איך, אַז דאָס וואָס איך לערן איז נישט מער ווי גראַמאַטיק און דאָס אויך נאָר שטאַרק בקיצור. פונדעסטוועגן וועל איך ווייטער אָנגיין מיטן לערנען, און צוזאַמען מיט דעם וועל איך פּרוּוון צו קויפן אַ גרעסערע גראַמאַטיק, אָבער אפשר וועט זיך מיר איינגעבן צו קויפן אַן אַראַביש בוך מיט גראַמאַטיק. איצט בין איך דערגאַנגען צו דער צווײ און צוואַנציקסטער לעקציע.

פאַר עטלעכע שעה האָב איך געהערט אַ רעדע, וועלכע עס האָט געהאַלטן דער דייטשער פּראָפּאַגאַנדע־מיניסטער געבעלס. איך וועל פּרוּוון דאָ באַ־שרייבן דעם איינדרוק וואָס עס האָט געמאַכט אויף מיר די רעדע און די געדאַנקען וואָס זי האָט אויפגעוועקט אין מיר. ראשית כל האָב איך געהערט דאָס, וואָס איך האָב שוין געקאַנט הערן אַ סך מאָל, אַנטיסעמיטיזם אָן אַ גרענעץ. אַ גאַנץ קאַפּיטל פון זיין רעדע האָט ער געווידמעט דער גרויסער שנאה וואָס ער האָט צו אונדז און וועלכע דאָס גאַנצע דייטשע פאָלק האָט צו אונדזער פאָלק. איך קאָן ביזן היינטיקן טאָג נישט פאַרשטיין דעם גרונט פון דער דאָזיקער שנאה. שוין טויזנט און איין מאָל האָב איך געהערט פון זייערע מיילער, דאָס הייסט פון די מיילער פון די דייטשע פירער, פּרעטענזיעס צו די יידן, און שטענדיק ווערט דער נאָמען ייד באַגלייט מיט דעם וואָרט קאַפּיטאַליסט אָדער קאָמוניסט. אָבער איך צווייפל זייער, צי זיי אַליין גלויבן אין די ווערטער וועלכע זיי רעדן אַרויס. פון דער צווייטער זייט אָבער, זאָגן זיי אַרויס די דאָזיקע ווערטער מיט אַזאַ גרויסן פּאַטאָס, אַז איך האָב כמעט געקאָנט גלויבן אַז זיי זענען באמת איבערצייגט אין די ווערטער וואָס זיי רעדן. און ווען אפילו בלויז פון זייער פּאַטאָס און זיכערקייט, וואָס זיי ווייזן אַרויס ווען זיי רעדן וועגן די יידן, מוז מען אָננעמען מיין צווייטע מיינונג, וועגן וועלכער איך האָב אויבן געשריבן, ד.ה. אַז זיי אַליין גלויבן יאָ אין דעם וואָס זיי זאָגן, קאָן מען די דאָזיקע מיינונג אָננעמען פאַר די ריכטיקע נאָך מער דערפאַר, ווייל זיי, די דייטשע פירער פאַרגעסן אפילו קיין איין מאָל נישט צו רעדן וועגן די יידן. און אפילו איצט, אין דער צייט ווען דייטש־לאַנד באַקומט קלעפּ נאָך קלעפּ און מוז פאַרלאָזן אין רוסלאַנד שטאָט נאָך שטאָט, אין אַ צייט ווען פון יעדער כמעט זייט פאַלן אויף דייטשלאַנד אומ־אויפהערלעכע קלעפּ, האַלטן זיי נאָך נישט פאַר פּאַסיק צו פאַרגעסן כאָטש איין מאָל דאָס פאָלק וועלכעס זיי האָבן שוין באַוויזן אַזוי פיל צו פּייניקן און כאָטש איין מאָל אַדורכלאָזן די געלעגנהייט עס נישט צו באַשמוצן און שענדן. און דווקא אין דער צייט, וואָס דאָס איז אַ צייט פון פּלאָגן פאַר דייטשלאַנד, דווקא איצט האַלט איר מיניסטער פאַר ריכטיק אונדז צו באַ־

שמוצן מיט נאָך מער פאַריסנקייט און צו לעסטערן אונדזער פאָלק מיט נאָך מער קראַפט. אפשר איז פאַראַן אין זיי באמת אַ ווילדע שנאה, אָן עלע־מענטאַרע שנאה וועלכע איז פאַראַן ביי כמעט אַלע פעלקער. אָבער ביי זיי, ביי די דייטשן, טרעט אַרויס די שנאה צו אונדז שאַרפער, מיט מער כוח און מיט מער שווערע פאַר אונדז פאָלגן. ווי עס זאָל נישט זיין, צי זיי אַליין גלויבן אין די פאַרברעכנס אין וועלכע זיי באַשולדיקן אונדז, אָדער זיי גלויבן אין דעם לגמרי נישט, נאָר זיי טוען דאָס וואָס זיי טוען, ווייל זיי ווילן אָפּוועגדן די עפנטלעכע מיינונג זייערע אַנדערע זאַכן, אָדער זיי ווילן געפינען אַ קרבן פאַר די אַלע זאַכן וואָס זיי געפעלט נישט, און מוזן עמעצן אין דעם באַשולדיקן — איז טאַטזאַכלעך אַלץ איינס. און די אומגליקן וואָס זענען פאַרורזאַכט געוואָרן דורך זיי זענען אַזוי גרויס און אַזוי טייוולאַניש, אַז עס איז שוין נישט קיין חילוק וואָס פאַרא געדאַנק עס באַוועגט זיי דערצו אָבער פון דעם קאָן מען זען און משפטן, אַז די מלחמה וואָס ווערט געפירט צווישן אַ צאָל פעלקער דאַרף זיך ענדיקן מיטן לייזן די יידן־פּראַגע, (פון קוק־ווינקל פון מיין אמונה וואָלט איך געוועזן געזאָגט — מיט דער גאולה). ווייל לויט דעם ווי איך ווייס, איז די שנאה צו די יידן נישט געוועזן אַזוי גיפטיק און אַזוי אָפיציעל ווי זי איז איצט. אין געבעלסעס רעדע איז געוועזן אַזאַ אָפנקייט און דרייסטקייט אַז אַזעלכעס האָב איך נאָך נישט געזען און נישט געהערט. עס מוז באמת זיין אַ שטאַרקער און טיפער נאַציאָנאַלער גייסט אין דייטשן פאָלק, אַז מען זאָל קאָנען רעדן צו זיי אין אַזאַ אופן. און שטענ־דיק איז דאָס געוועזן אין מיינע אויגן צו אַ לויב פאַר דעם דאָזיקן פאָלק, און נישט איינמאָל און נישט צוויי מאָל, נאָר אַ סך מאָל, האָב איך געבעטן צו אונדזער ג־ט ער זאָל איינפלאַנצן אין אונדזערע הערצער אַזאַ גייסט, און ער זאָל אויך אַריינטאָן אין אונדזערע הערצער צוזאַמען מיט דער ליבע צו אים דעם גייסט פון פרייהייט און דעם גייסט פון ליבע צום פאָטערלאַנד ווי עס האָט עס דאָס דייטשע פאָלק.

פאַרשטייט זיך אַז דער קערן פון נאַציאָנאַליזם און דער גייסט פון פרייה־ט זאָל ביי אונדז נישט זיין ווי ער איז איצט ביי די דייטשן, וואָס ביי זיי איז עס אַ משוגעת וואָס קיין גרעסערס איז שוין נישט פאַראַן און פאַר וועלכן זיי זענען מקריב אויפן מזבח פון זייער פאָטערלאַנד מיליאָנען נפשות. בעטנדיק צו אונדזער ג־ט וועגן נאַציאָ־נאַלן גייסט און וועגן ליבע צום פאָטערלאַנד פאַר אונדז, אַזוי ווי דאָס האָבן די דייטשן, האָב איך געמיינט די זעלבע זאַכן אָבער צו אַ גאַנץ אַנדערן, צו גאָר אַן אַנדערן קערן. איך האָב מכוון געוועזן צו אמונה, צום ריינעם אופן פון דינען ג־ט וואָס דאָס זאָל זיין דער קערן פאַרן גייסט פון אונדזער נאַציאָנאַליזם און פאַר דער ליבע צו אונדזער פאָטערלאַנד.

דער עיקר פון געבעלסעס רעדע איז געוועזן וועגן דער אַרבעטס־פּראַגע.

ער האָט געפּאָדערט אַז אַ סך פרויען זאָלן גיין אַרבעטן אין די פאַבריקן און אַזוי אַרום באַפרייען די מענער זיי זאָלן קאָנען גיין אין מיליטער, בכדי אין אַנקומענדיקן פרילינג זאָלן זיי זיין גרייט ווידער אַנצופאַלן אויף רוסלאַנד און איר שלאָגן ביז איינעם. מיין מיינונג אין דעם איז, אַז דאָס וועט די דייטשן געלונגען, אַז אין קומענדיקן פרילינג וועט דייטשלאַנד ווידער גיין פאָרויס אין רוסלאַנד און אפשר וועט זי רוסלאַנד איינגאַנצן באַזיגן. ווי מיר שיינט, און איך האָב שוין אויך אַמאָל דאָס געשריבן, אַז נישט פון די ענג־לענדער, נישט פון אַמעריקע אָדער רוסלאַנד וואַרט אונדזער פאָלק, אָדער דאַרף וואַרטן אונדזער פאָלק, אויף אַ ישועה. ווייל ווען זיי זיגן, וועט צו־ריקקערן זיך דער מצב פון פאַר דער מלחמה און די יידישע אומגליקן וועלן זיך אָנהויבן אויפדאָסניי. ניין, איצט ציט זיך דייטשלאַנד צוריק בכדי שפּעטער צוריקצוגיין מיט נאָך מער קראַפט, מיט נאָך מער גבורה. און ווען זי וועט אַרויף אויפן שפּיץ פון באַרג, ווען דער נצחון וועט שוין זיין ביין־און־ביינציק פּראָצענט אין אירע הענט, דעמאָלט וועט זי אָנהויבן צו פאַלן. און ווי הויך עס וועט זיין דער באַרג אויף וועלכן זי וועט זיך דעמאָלט געפינען, אַזוי טיף וועט זי פאַלן און איר מפּלה וועט זיין נאָך גרעסער און נאָך מעכטיקער. אַזאַ איז מיין דעה.

און אַזוי און נאָר אַזוי זעט מיר אויס צו זיין מעגלעך די ישועה וואָס וועט קומען און וועלכע מוז קומען נאָך דער מלחמה. נישט די פּשוטע ישועה פון וועלכער מיר האָבן זיך אין משך פון גלות שוין מייאש געווען צענדליקער טויזנטער מאָל. ניין, הישועה, די ישועה מיט דער הא הידיעה, מיט אַ טראָפּ, וועט און זי דאַרף קומען נאָך דער דאָזיקער מלחמה. ווייל אַנדערש זענען מיר פאַרלוירן, פאַרלוירן. און איצט פאַרשטיי איך אויך די געפילן פון פרייד, נישט קיין אמתער פרייד נאָר עפּעס אַזעלכעס ווי פרייד, וואָס איז אויפגע־גאַנגען אין מיר הערנדיק וועגן די דייטשע נצחונות, און איך פאַרשטיי מיין שנאה צו ענגלאַנד און אירע פאַרבינדעטע. ווייל דעמאָלט האָב איך געפילט און איצט ווייס איך עס, אַז אונדזער וועג צו דער גאולה וועט נישט געמאָסטן ווערן מיט ענגלאַנדס נצחונות און ער וועט נישט פאַרקירצט ווערן דורך די זיגן פון רוסלאַנד, נאָר דער וועג צו דער גאולה וועט געמאָסטן ווערן מיט די דייטשע נצחונות און דורך זיי וועט פאַרקירצט ווערן אונדזער וועג צו אויסלייזונג. און וואָס מער עס וועלן זיך מערן אירע נצחונות אַזוי גיך וועט קומען איר מפּלה און די מפּלה פון אַלע שונאי ישראל וואָס זענען פיל אָן אַ סוף. און נישט דורך רוסלאַנד אָדער אָן אַנדער לאַנד וועלן מיר געהאָלפן ווערן, נאָר דורך אונדזער ג־ט אַליין וועט קומען די ישועה און מיר וועלן אויסגעלייזט ווערן פון אונדזער צוויי טויזנט יאָריקן גלות.

די וואָך האָב איך געלייענט אין אַ צייטונג, אַז ד״ר חיים ווייצמאַן, דער פּרעזידענט פון די ציוניסטן, האָט געהאַט אַ טרעפונג מיטן פּרעזידענט

רחוועלט. ביז איצט, ד.ה. ביז וואַנען איך האָב געהערט די דאָזיקע ידיעה, האָב איך געהאַט געפילן פון אָפּשיי צו דעם דאָזיקן מענטש, ווי דעם פּרע־זידענט פון די ציוניסטן. אָבער איצט, זעענדיק אַז אויך ער איז נישט בע־סער פון אַנדערע „גויים" און ער שטיצט זיך אויף זייערע רייד וואָס זענען פול מיט שקר, און אַז עס איז אים גאָרנישט אויפגעקומען אויפן געדאַנק די דאָפּלטע וואָרענונג פון מחבר פון דעם מזמור קמ"ד, וועלכער האָט געזאָגט: וואָס זייער מויל רעדט פאַלשע רייד און זייער רעכטע האַנט איז די רעכטע האַנט פון ליגן, — איז ביי מיר נישט פאַרבליבן קיין שום געפיל פון אָפּשיי צו אים, און איצט איז ער אין מיינע אויגן גלייך מיט אַלע די יידן, וואָס זוכן שטיצע ביי די גויים. נישט אויף זיי איז צו העלפן אונדז. אונדזער הילף און אונדזער אויסלייזונג איז אויף אונדזער ג־ט, דעם ג־ט פון ישראל. אָבער ביז צו דער ישועה דאַרפן מיר גרויס רחמים, ווייל מיר דאַרפן אַ ספּעציעלע שוץ פאַר אונדזער בלוט וואָס גיסט זיך שוין אַזוי לאַנג. אונדזער הייליק בלוט. באַשיץ עס ג־ט, און דערבאַרעם זיך אויף דיין פאָלק, וואָס געפינט זיך איצט אין אַזאַ גרויס אומגליק און צווישן אַזעלכע גרויסע הינט געפינט עס זיך איצט.

## דערבאַרעם זיך זשע דו!

די רעדע וואָס געבעלס האָט געהאַלטן האָט געמאַכט אויף מיר אַ ריזיקן איינדרוק. איצט האָב איך געזען וויפל כוח עס קאָן נאָך זיין אין אַ פאָלק, אין אַ שטאַרק פאָלק. הלוואי זאָל אונדזער פאָלק האָבן אַזאַ גייסט. אַ גייסט פון נאַציאָנאַליזם און פרייהייט, גייסט פון ליבע צום פאָטערלאַנד אַזוי ווי עס האָט עס דאָס דייטשע פאָלק; אָבער פאַרשטענדלעך נישט מיט זיין קערן.

## ב׳ אדר ב׳

וואָס טאָן? וואָס טאָן? די ליידיקייט, וועגן וועלכער איך האָב שוין געשריבן, צעשפּרייט זיך אין מיר און פילט מיך אינגאַנצן אויס. קיין שום נייע מחשבה, קיין שום רעיון איז שוין זייט עטלעכע טעג נישט געקומען צו מיר. איך האָב שוין פּרובירט צו טאָן פאַרשידענע זאַכן, אָבער עס העלפט נישט. אין אָנהויב האָב איך פּרובירט גיין שפּעט שלאָפן, איך האָב זיך געלייגט דריי ביינאַכט. אָבער דאָס האָט גאָרנישט געהאָלפן. שוין זייט צוויי וואָכן, און אפשר נאָך מער, האָב איך פאַרקלענערט די צאָל פון מיינע מאָלצייטן פון דריי אויף איינס. אַזוי אַז איך עס נאָר איין מאָל אין אַ מעת־לעת. אָבער ביז איצט האָט דאָס מיר אויך מיט גאָרנישט נישט געהאָלפן. אפשר וועט דאָס נאָך העלפן, אָבער ביז איצט איז געבליבן אין מיר די זעלבע ליידיקייט, דער זעלבער אומווילן צו יעדער זאַך. איך האָב שוין

עטלעכע מאָל געזוכט דעם באַשייד דערפון, אָבער קיין זיכערן באַשייד ביז איצט נישט געקאָנט געפינען. איך רעכן אַז די גאַנצע זאַך נעמט זיך פון אַ סיבה, וועלכע איז שוין פריער געווען אין מיר, אָבער איצט האָט עס זיך צו מיר אומגעקערט מיט אַ גרעסערער קראַפט. די סיבה דערפון איז, וואָס איך זיץ זיך דאָ אין מנוחה און אין שטילקייט, און מיינע ברידער זענען אויף צוואַנגס־אַרבעט און אין אַן אָרט פון פּורעניות, אין אַ מצב וואָס איין ג־ט ווייסט ווי שלעכט ער איז. אפשר וועט פון מיר גיך אַוועק די ליידי־קייט, פאַראַן סימנים דערצו, אָבער אויף זיכער פיל איך שוין גאָרנישט.

די לעצטע צייט פיל איך זיך אַזוי פאַראייבזאַמט, אַזוי אַוועקגעריסן פון אַלע, אַז אַזאַ געפיל האָב איך נאָך ביז איצט נישט געהאַט. איך פיל זיך ווייט פון אַלע מיינע ברידער, פון יעדער יידישער נאַציאָנאַלער זאַך. און יעדע זאַך וואָס איך זע, און וועלכע וועקט אויף אין מיר אַ געדעכעניש פון די דאָזיקע נאַציאָנאַלע זאַכן, נעם איך אַרום און איך טו עס אַריין אין מיין האַרץ מיט אַ ליבע, וואָס אַזוינע האָב איך ביז איצט נישט געקענט. אַזוי האָב איך געפונען אין אַ העברעאישער ביבליאָטעק דאָ אַ לוח פון די יידישע שולן אין ארץ־ישראל. שוין פאַר עטלעכע חדשים האָב איך אים דאָרט געפונען און איך האָב אים אַהיימגענומען. אָבער דעמאָלט האָב איך זיך נאָך נישט געפילט אַזוי איינזאַם, אַזוי ווי איך פיל זיך איצט.

מיט עטלעכע טעג צוריק האָב איך ווידער געבאָרגט דעם זעלבן לוח און איצט לייען איך אים מיט גאָר אַן אַנדערן גייסט ווי דאָס ערשטע מאָל. איצט איז ער פאַר מיר ווי אַ בריוו, ווי אַ סימן פון לעבן איבערגעגעבן פון די אַנדערע ברידער פון מיין פאָלק צו מיר. איך האָב אַזוי גערן דעם לוח — און ער איז אויף מיר אַזוי באַליבט, אַז איך קאָן אים כמעט נישט צוריקגעבן אין דער ביבליאָטעק. דער נאָמען פון לוח איז „מולדתי" (מיין פאָטערלאַנד). וויפל מאָל האָב איך שוין נישט אַרויסגעזאָגט דאָס דאָזיקע וואָרט מיט ליב־שאַפט אין די לעצטע טעג. און יעדעס מאָל ווען איך טראַכט זיך אַריין אין דעם וואָרט ווער איך פול מיט אַ בענקשאַפט און מיין נשמה טוט גלוסטן צו מיין לאַנד, וואָס איך האָב אַזוי ליב געהאַט און האָב עס ליב איצט. נאָך אין די צייטן פאַר דער מלחמה האָט מיין האַרץ געבענקט צו מיין פאָטער־לאַנד, צו ארץ־ישראל. אָבער איצט האָט זיך מיין ליבע און מיין גלוסטונג צו מיין לאַנד אומפאַרגלייכלעך פאַרגרעסערט. ווייל נאָר איצט פיל איך ווי בויטיק מיר דאַרפן אַ פאָטערלאַנד. ווי בויטיק עס איז אונדז א לאַנד אין וועלכן מיר זאָלן קענען זיצן אין מנוחה, אין שלוה און אין שטילקייט אַזוי־ווי יעדעס פאָלק זיצט אין זיין לאַנד. אוי, ווי באַליבט איז מיר מיין לאַנד, ווי בענקט מיין נשמה צו אים. יעדעס מאָל ווען איך שטעל זיך דאַווענען שמונה עשרה בין איך מכוון מיין גאַנצן גייסט און אַלע מיינע מחשבות צו איר, צו מיין געליבטער, און איך זע איר פאַר מיינע אויגן. איך זע די ליניע פון דעם

ים־ברעג, איך זע תל־אביב און חיפה. און אינעם לאַנד זע איך ירושלים און ווידער נעבן איר הויבט זיך אויף דער הר־הזיתים. און איך זע דעם ירדן, פון לבנון ביזן ים־המלח זע איך אים שטראָמען. און אויך דאָס לאַנד פון עבר־הירדן זע איך. אַלץ דאָס, אַלץ, מאָל איך זיך אויס יעדעס מאָל ווען איך שטעל זיך דאַווענען. ווען איך דאַוון און זע נישט מיין געגאַרט לאַנד פאַר מיינע אויגן, דעמאָלט איז ווי מיין תפילה וואָלט נישט אָנגענומען געוואָרן און ווי איך וואָלט גערעדט צו דער וואַנט.

אוי, אַלץ איז אַזוי באַליבט ביי מיר. אַלץ, אַלץ. מיין פאָלק, מיין לאַנד, גייען נישט אַראָפּ קיין רגע פון מיין געדאַנק. אַ גאַנצן טאָג זענען זיי אין מיין קאָפּ. אין די דאָזיקע טעג דערפיל איך און איך פיל, ווי איך האָב נאָך ביז איצט נישט געפילט, ווי שטאַרק באַליבט עס איז ביי מיר מיין יידיש פאָלק און ווי באַצויבערנדיק עס איז מיין לאַנד, ארץ־ישראל. איך האָב שוין עטלעכע מאָל זיך אַליין געפרעגט: צי וועל איך זוכה זיין ביי מיין לעבן צו שטיין אויף איר הייליקער ערד; צי וועט מיר ג־ט געבן צו שטיין און צו גיין אויף איר? אוי, ווי גלוסט מיין נשמה צו דיר, מיין לאַנד. ווי קוק איך זיך אויס מיינע אויגן צו דיר, מיין לאַנד, אַרץ־ישראל!

## ב׳ ניסן

דאָס לעצטע מאָל פון מיין שרייבן אין טאָג־בוך, האָב איך געשריבן עטלעכע זאַכן וואָס איך ווייס נישט אַליין פון וואַנען איך בין געקומען צו זיי. איך האָב געוואָלט שרייבן גאָר עפּעס אַנדערש. אָבער די ווערטער זענען ווי אַרויסגעשווומען פון אונטער מיין פעדער אָן מיין וויסן. די זאַך וועגן וועלכער איך האָב געוואָלט שרייבן איז געווען גאָר עפּעס אַנדערש, איך האָב געוואָלט שרייבן וועגן מיין שרעקלעכער איינזאַמקייט. די לעצטע טעג איז אויף מיר אָנגעפאַלן אַ געפיל פון איזאָלאַציע, פון עלנטקייט, פון איינזאַמקייט, אַז איך פיל זיך אַזוי ווי איך וואָלט געווען בלויז טרויער. פאַרשטענדלעך, אַז דאָס איז מיר געקומען ווייל איך טראַכט אַ סך וועגן מיין פאָלק, פון וועלכן איך בין אַזוי ווייט. און אויך דורך דעם, וואָס איך האָב זיך דערמאָנט אין דעם מיידל וועגן וועלכן איך האָב שוין געשריבן. דאָס דאָזיקע געפיל איז אויך צוגעקומען דורך דעם, וואָס איך האָב נישט אין מיין סביבה אַ מאַן, אָדער אַ פרוי וואָס זאָל מיך פאַרשטיין און מיט וועלכער און וועלכן איך זאָל קאָנען רעדן. זייענדיק נאָך אין מיין ערשטער גלות־שטאָט האָג, האָב איך געלאַכט ווען איך האָב געהערט פון מענטשן, אָדער ווען איך האָב געלייענט אין ביכער וועגן מענטשן, וואָס האָבן אַ גרויס באַדערפעניש אויסצוגיסן זייער האַרץ פאַר אַ חבר אָדער אַ חברטע. איך האָב שטענדיק געזאָגט זיך אין האַרץ, אַז איך דאַרף נישט די דאָזיקע זאַכן און דאָס איז נישט מער ווי האַרץ־שלאַבעריקייט, וועלכע איך האָב

שטענדיק פיינט געהאַט. דעמאָלט פלעג איך זאָגן, אַז אויב איך האָב אַמאָל, זייער זעלטן, אַ געברויך אויסצוגיסן מיין האַרץ, טו איך עס פאַר מיר אַליין. אָבער פון דעמאָלט ביז איצט איז אַדורך אַזאַ צייט, אַז איך האָב זיך אינ־גאַנצן געענדערט. דעמאָלט האָב איך נאָך נישט געוווּסט וואָס עס איז אַזוינס צו לעבן אָן אַ שום מענטש פון די קינדער פון דיין פאָלק, ווען דו זאָלסט כאָטש אַביסל קענען, און זאָלסט זיין איינזאַם און עלנט אַזוי ווי אין אַ וויס־טע. אוי, ווי איך שטרעב איצט צו זען איינעם פון מיינע פריערדיקע חברים. ווי גלוסט זיך מיין נפש צו רעדן מיט מיין חבר פינקעל, וואָס מיר שיינט אַז איך האָב אים שוין פריער דערמאָנט.

אַ גאַנצן טאָג גייט מיין פאָלק מיר נישט אַרויס פונעם געדאַנק, אפילו אויף קיין רגע. אויף יעדן אָרט, צי איך שטיי, צי איך גיי, ווען איך ליג און ווען איך הויב זיך אויף, שטענדיק באַגלייט מיך דער דאָזיקער געדאַנק. און ויפל מייד איך אויס פון זיך, און וויפל פאַרשפאַר איך פון זיך פון די אַזוי פיל פאַרגעניגנס וואָס זענען דאָ פאַראַן! ווען איך גיי אין גאַס און די זון ברענט איבער מיין קאָפּ און איך בין אינגאַנצן באַדעקט מיט שווייס, און אַז עס קומט מיר דעמאָלט אויפן געדאַנק צו גיין שווימען, איז באַלד נאָך דעם גייט אין מיר אויך דער זכר פון מיין פאָלק, וואָס איך בין אַזוי ווייט פון אים. און דעמאָלט קאָן איך אפילו נישט חלומען פון גיין שווימען. אָדער איך גיי פאַרביי פאַר אַ געשעפט און איך זע אין שוי־פענצטער קיכלעך מיט קרעם וואָס ציען דאָס אויג און דעם מאָגן, און ווען איך בין שוין גרייט אַריינצוגיין אין געוועלב — קומט מיר אויף מיין זכרון מיין פאָלק, און דעמאָלט ווערן צעשטערט אַלע תאוות און אַלע גלוסטענישן און איך פאַרשעם זיך פאַר זיך, אַז איך האָב גאָר געקענט פאַרגעסן אין וואָס פאַראַ מצב עס געפינט זיך מיין באַליבט פאָלק. אָבער אויך אויף אַן אַנדער אָרט דערמאָן איך מיך אָן אים, נאָר צוליב אַנדערע טעמים ווי די, וועלכע איך האָב גע־שריבן אויבן, עס קומען אין מיר אויף געדאַנקען אינגאַנצן אַנדערע פון די, וועגן וועלכע איך האָב אויבן געשריבן. דאָס אַנדערע אָרט איז אַ שולע.

די לעצטע צייט האָב איך אויף דעם טאַטנס עצה אָנגעהויבן באַזוכן אַ שול, ווו איך לערן זיך שרייבן אויף אַ שרייב־מאַשין און לערן זיך סטע־נאָגראַפיע. איך גיי שוין אין דער שול אַן ערך צוויי חדשים. אין דער פרי, ווען איך זיץ פון ניין אַזייגער אָן און איך קלאַפּ אויף דער שרייב־מאַשין, דעמאָלט קומען אַריין מיידלעך, וואָס לערנען זיך אויך דאָרט. און זייערע מיילער זענען פול מיט געלעכטער און זיי זענען פריילעכע און לוסטיקע.

און שוין דאָס בילד, דאָס זען די דאָזיקע מיידלעך, די „שיקסעס", ווי זיי שטיפן און פרייען זיך, אין דער צייט ווען די מיידלעך פון מיין פאָלק, וואָס ווער ווייסט אין וואָס פאַראַ אומגליק זיי זענען, זענען טרויעריקע, און די פרייד מיט וועלכער עס פרייען זיך די מיידלעך פון דער שול, האָבן זיי, די

יידישע מיידלעך, זיך שוין נישט געפרייט מי יודע ווי לאַנג — וועקט זיך אויף אין מיר אַ קנאה און איינצייטיק אַ שנאה צו זיי. אָבער דאָס איז נאָך נישט אַלץ. ווען זיי זעצן זיך אַוועק די דאָזיקע מיידלעך, דערציילן זיי איינע פאַר דער אַנדערער, ווי זיי זענען געווען אין פאַרגאַנגענעם אָוונט, וואָס פאַראַ סינעמאַ זיי האָבן באַזוכט, זיי דערציילן זיך וועגן די „קאַוואַלירן" וואָס האָבן מיט זיי שפּאַצירט און זיי, די קאַוואַלירן, האָבן זיי געשאָנקען שיינע זאַכן, אָדער אַז זיי האָבן דערהאַלטן בריוו און אויסדריקן פון ליבע זענען דאָרט געשריבן, דעמאָלט פון גרויס קנאה צו זיי רייסן זיך מיר כמעט אַרויס פון מיינע אויגן טרערן ווען איך דערמאָן זיך אָן מיין פאָלק און בפרט אָן זיינע אומגליקן. אין די מינוטן גייען פאַר מיר נישט אויף דער עיקר די קערפּערלעכע ליידן, נאָר די גייסטיקע, וואָס זענען נאָך אפשר גרעסער ווי די פיזישע, יאָ, און נאָך ווייס איך, ווי זייער ביטער עס איז ווען די קינדער האָבן נישט צו עסן און זיי בעטן ביי זייערע עלטערן ברויט און זיי, די עלטערן, האָבן זיי נישט צו געבן. יאָ, און נאָך ווייס איך, ווי זייער ביטער דאָס איז, אָבער ווי ביטער איז, ווען די גאַנצע יוגנט פון מיין פאָלק איז אומעטיק, ווען זי איז טרויעריק, ווען זיינע מיידלעך האָבן שוין לאַנגע יאָרן נישט געלאַכט און זיינע בחורים זענען שוין פון אַ לאַנגער צייט טרויעריק. אין אַזעלכע מינוטן, זעענדיק וויפל אונדז פעלט, וויפל זאַכן וואָס זיי און נאָר זיי מאַכן אַז דאָס לעבן איז אַ לעבן, ד.ה. אַז דאָס לעבן זאָל ווערט זיין צו לעבן, פעלט אונדז, דעמאָלט פיל איך אַ ברענענדיקע ליבע צו מיין פאָלק, וואָס צוליב דעם ווייל איך שטיי מיט מיין גוף אויסער אים, פיל איך נאָך מער זיינע ליידן. אין אַזעלכע מינוטן פיל איך ווי ג־ט וואָלט דאָס ספּעציעל געטאָן, מיט אַ כוונה האָט ער מיך געשטעלט אויסער מיין פאָלק, אַז נאָך דער גאולה זאָל איך וויסן וואָס האָט דעם פאָלק געפעלט, ווייל צוליב זייערע גרויסע ליידן האָבן זיי אפילו דאָס נישט געפילט, און איך זאָל וויסן זיי צוריקצוגעבן אַ סך מאָל דאָפּלט די תענוגים, וועלכע עס האָט זיי געפעלט.

לעצטנס לערן איך נישט קיין סך. איך לערן שוין נישט אַזוי כסדר אַראַביש. איך פיל אין זיך ווי אַזוי עס צעוואַקסט זיך פון טאָג צו טאָג די צייט, אין וועלכער מיר לעבן היינט. פון טאָג צו טאָג ווערט די דאָזיקע צייט פאַר מיינע אויגן באַדייטנדיקער, ריזיקער און פאַרכטיקער. עס איז ביי מיר זיכער און איך האָב דערין נישט קיין שום ספק, אַז די דאָזיקע מלחמה וועט זיך נישט פאַרענדיקן ווי אַלע מלחמות ביז איצט און אַז די פּאָליטיק *)

---

*) אָפּגעהאַקט אין טעקסט.

פאַרשטענדלעך *), עס איז פאַר מיר קלאָר און אויסער פון יעדן ספק, אַז דאָ איז נישט פאַראַן קיין אָרט אויף אַן איבערראַשונג פון ווערטן. יעדנ־פאַלס נישט אינעם פּראָצעס וואָס איז באַזירט אויף דער הנחה, אַז אַזאַ מין ענדערונג **) באַדייט פּראָגרעס. די דאַזיקע זאַך איז פאַר מיר קלאָר ווי די זון. איך האָב דורך אַ פאַקט, וואָס האָט זיך פאַרלאָפן דאָ נישט לאַנג, באַקומען אַ קלאָר בילד בעיקר פון דעם ווערט און פון די וועגן פון זייער קולטור און זייער גייסטיקער אַנטוויקלונג.

נאָך די לעקציעס זענען מיר אַביסל געבליבן אין דער שול בכדי צו שמועסן וועגן פּאָליטיק. ווען מיר זענען אַרויסגעגאַנגען האָב איך זיך געפונען אין דער געזעלשאַפט פון אַ בחור פון אַ יאָר צוואַנציק, דאָס הייסט איך בין געגאַנגען צוזאַמען מיט אים צום עלעקטרישן טראַמוויי. נעבן דער סטאַציע: צפון (Gare du Nord), האָט ער מיך געבעטן איך זאָל האַלטן זיינע ביכער, ווייל ער דאַרף טעלעפאָנירן. ער האָט מיך געבעטן איין פראַנק, ווייל ער האָט נישט געהאַט. ער איז אַריינגעגאַנגען אין טעלעפאָן־ביידל און נאָך עטלעכע מינוט צוריקגעקומען און מיר געזאָגט, אַז ער האָט אַ טעות געהאַט אין טעלעפאָן־נומער. איך האָב אים געזאָגט, דאָס אויב עס איז אַזוי איז גלייכער צו זוכן אין טעלעפאָנען־בוך. און אַזוי האָט ער געטאָן. ער איז אַריין אין אַ געוועלב זיך פרעגן, צי מען קאָן געניסן פון דעם טעלע־פאָנען־בוך. נאָכדעם ווי מיר האָבן זיך איבערצייגט, אַז דער נאָמען געפינט זיך נישט אין בוך — יעדנפאַלס מיר האָבן אים נישט געקאָנט געפינען — האָב איך אים געזאָגט, אַז דאָס אָרט וועלכעס ער דאַרף איז נישט ווייט פון דאַנען און עס איז גלייכער דעריבער צוצוגיין אין דעם קאַפע־הויז, וועלכן ער זוכט. און אַזוי האָבן מיר געטאָן.

נאָך דעם ווי מיר האָבן אַביסל געזוכט, האָבן מיר געפונען דאָס קאַפע־הויז "Cornet Glace". מיר זענען אַריין און ער האָט מיך געבעטן זיך זעצן ביי איינעם פון די טישן, און ער איז געגאַנגען זוכן דאָס מיידל אין וועלכער ער איז געווען פאַראינטערעסירט זי צו זען, בכדי איר איבערצוגעבן אַ געוויסן אַדרעס. נאָכן אָפּזיצן דאָרט אַ קורצע צייט איז צו אונדז צוגעקומען מיט אַן איבערגעטריבענעם רעש דאָס דאָזיקע מיידל אין דער געזעלשאַפט פון עטלעכע אַנדערע מיידלעך און זיי האָבן אונדז באַגריסט מיט קולי־קולות. דער בחור, וועלכן איך האָב באַגלייט האָט אויפגעקלערט דעם ציל פון אונדזער קומען, און ווען ער האָט געענדיקט רעדן, האָבן די מיידלעך,

---

*) דער דאָזיקער טייל איז געשריבן אין האָלענדיש. די יידישע איבערזעצונג איז געמאַכט פון דער העברעאישער איבערזעצונג פון דעם האָלענדישן מקור. (ה. י.).

**) אַזאַ מין ענדערונג — מיינט פלינקער: אַן איבערראַשונג פון די ווערטן. (ה. י.).

דריי זענען זיי געווען, געזען אין זיינע רייד א סיבה אויסצושיסן מיט א הויך געלעכטער.

נאָכדעם ווי זיי האָבן זיך געגוג אָנגעלאַכט, האָבן זיי אונדז געבעטן, אַז מיר זאָלן זיך אָוועקזעצן אינעווייניק אין קאַפע־הויז. מיר האָבן אויסגעפירט זייער ביטע און מיר זענען אַריבער זיך זעצן אין דער שורה טישן וואָס געפינען זיך פאַר דער לעצטער שורה, נאָענט צום בופעט, אין עק זאַל. זיצנדיק דאָרט און הערנדיק אַרום זיך די רייד און דאָס געלעכטער פון די מיידלעך, שילערינס פון אונדזער שול, צוואָרפנדיק פון מיין זייט פון צייט צו צייט אַ וואָרט, איז מיר פּלוצים קלאָר געוואָרן, אַז דאָס איז דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן, ווען איך בין אַריינגעפאַלן אין אַזאַ געזעלשאַפט. איך האָב געקוקט אַרום זיך און איך האָב געזען יינגלעך און מיידלעך זיצן אַרום די אַנדערע טישן. אויך אין זיי איז געווען קאָנטיק, אַז זיי רעכענען זיך צווישן דער יוגנט וואָס לערנט אין דער שול.

יעדער איינער פון די דאָזיקע יינגלעך און מיידלעך האָט זיך געפונען צוליב עפּעס א סיבה צום לאַכן. אָן אויסנאָם זענען נאָר געווען די, וואָס האָבן פאַרבראַכט די צייט טוליענדיק זיך איינער צום צווייטן, אָן ענין אין וועלכן עס איז נישט פאראן קיין אָרט צום לאַכן, להיפוך, עס פארפליכטעט דערביי א הייליקע ערנסטקייט. איך האָב זיך געזאָגט אין מיין האַרץ, וועלכע זענען דאָס אייגנטלעך די גייסטיקע ווערטן וואָס זענען אָנגענומען אין דער דאָזיקער גרופּע יוגנטלעכע, וועלכע זענען פּאַקטיש אזויווי דער קוואַליטאַטיווער מוסטער פון דער יוגנט וואָס לערנט אין דער מיטל־שול. אין דער צייט ווען עס פאַרלויפן אַזעלכע ריזיקע געשעענישן, ווען מיליאָנען פון יוגנטלעכע ווערן פאַרשניטן אין זייער פרילינגס־צייט מיט איין האַנטבאַוועגונג, ווען צענטליקער מענטשן זענען זיך מקריב פאר אידעאַלן, אמתע צי אויסגעטראַכטע, — אָבער יעדנפאַלס מיט דער ריינער און הייליקער שטרעבונג צו פאַרזיכערן דער וועלט אַ בעסערן מאָרגן ווי עס איז געווען דער נעכטן — אין דער צייט זיצן דאָ יינגלעך מיט מיידלעך און לויטן אויסדרוק פון זייערע פּנימער קאָן זיך דיר אויסדאַכטן, אז אויף דער גאַנצער וועלט געשעט גאָר־נישט, און דאָס הפקרות איז א געוויינטלעכע זאַך אויף דער וועלט. א יוגנט אָן יעדן אינהאַלט, אָן געדאַנקען, אָן אידעאַלן, וואָס האָט פאַר א פּרוטה מוח. און אַזוי אַרום טראַכטן זיי צו באַווייזן זייערע מעגלעכקייטן, זייערע דער־גרייכונגען אין דער צייט ווען פון קיין שום זייט איז נישט פאַראַן קעגן זיי קיין צוואַנג. עס איז באמת נישט יוערט קיין פּרוטה.

אַ פראַגע, וועלכע איך האָב גאָרנישט דערוואַרט, האָט מיך פּלוצים אויפ־געוועקט פון מיינע טראַכטענישן. איך האָב געזען אַז דער בחור, וועלכער האָט מיטלבאַר פאַראורזאַכט מיין קומען אַהער, האָט גוט אויסגענוצט די צייט כדי צו שמועסן געמיטלעך מיט די מיידלעך און אין אַ צו פּלוצימער

פאָרם האָט ער זיי געפּרעגט ווי זיי הייסן, מיינענדיק די פּריוואַטע נעמען פון די „דאַמען”. זיי האָבן אים באַלד געזאָגט זייערע נעמען און אזוי אַרום איז זיי איינגעפאַלן מיך אויך צו פרעגן מיין פּריוואַטן נאָמען, וועלכן איך האָב ביז איצט אים נישט דערמאָנט אפילו קיין איין מאָל. איך בין אַביסל איבעראַשט געוואָרן פון דער פראַגע, ווייל וואָס אַן אמת בין איך אָנגערופן מיטן נאָמען פון אַ מענטש, וואָס אַנטקעגן זיין גרויסקייט זענען זיי ווי נישט מיט גאָרנישט, אפילו ווען זייער ווערט וואָלט געווען טויזנפאַכיק מער ווי זי איז, אָבער דער דאָזיקער נאָמען מיינער ווייזט אָן אויף א פאַקט, אז איך געהער צו אַ באַשטימטער גרופּע וועלכע מען האָט מער אָדער ווייניקער פיינט און יעדנפאַלס האָט מען זי נישט ליב צו זען. צוליב דער סיבה האָב איך שוין פריער געהאט געענדערט מיין נאָמען. אָבער אין דער דאָזיקער סביבה אין וועלכער איך האָב זיך דאַן געפונען, האָט דאָס ענדערן מיין נאָמען באַקומען אַ סך אַ טיפערע באַדייטונג. און דעריבער האָב איך געענטפערט אויף זייער פראַגע: „יאָ, מיין נאָמען”, און נאָך אַ פאַרזונקענער אין די געדאַנקען, „מיין נאָמען האַרי”, יאָ האַרי. עס האָט זיך מיר אויסגעדאַכט ווי דעמאָלט וואָלט מיין ווערט אַראָפּגענידערט אויף אַ פאַרכישופטן אופן אַנטקעגן מיין בעסערן „איך” וואָס איז אין מיר. פאַר דער דאָזיקער, נישט נאָרמאַלער צייט, וואָלט מיר קיינמאָל נישט איינגעפאַלן צו פארבארגן אפילו אַ מינדעסטנס פון דעם מינדעסטן חלק שיינקייט פון מיין נאָמען און ארויסרופן דורך דעם, אפילו מיטלבאַר, דעם רושם, אַזויווי איך וואָלט זיך געשעמט מיט מיין אָפּשטאַם. אָבער די צייטן ענדערן זיך. דאָך, נישט דאָס איז געווען די סיבה וואָס האָט מיך דערדריקט, נאָר די סביבה אין וועלכער דאָס איז זיך פאַרלאָפן. און די גאַנצע זאַך האָט געדינט ווי אַ סימבאָל, מכלומרשט, פאַר דער קוואַליטעט פון די ווערטן, וואָס אויף זיי האָב איך זיך באַמיט אויסצוטוישן מיין ווערט. און ווען איך בין געשטאַנען אין גאָס און געוואַרט אויפן עלעקטרישן טראַמוויי, איז מיר געווען קלאָרער ווי דאָס איז מיר ווען אַמאָל געווען, אַז די דאָזיקע זאַך וועט קיינמאָל נישט זיין. און אין דער אמתן בין איך אין דער רגע געווען אַבסאָלוט איבערצייגט, פון טעאָרעטישן זין, אין דער נידעריקער ווערטיקייט פון זייערע מענטשלעכע מידות.

די דאָזיקע אַבסאָלוטע דעה איז געווען א טעאָרעטישע, אַזויווי איך האָב געשריבן נאָר וואָס. דער אמת איז, אז זייער קולטור און זייער גייסטיקער און מאָראַלישער ניווא זענען זייער נידעריקע, אָבער וואָספאַרער איז דער ניווא פון מיינע אייגענע מידות? א וואָספאַראַ זענען מיינע קולטורעלע און גייסטיקע ווערטן מיט וועלכע איך זאָל זיך קאָנען באַנוצן מיט זיי ווי מיט אַ שאַנץ אַנטקעגן דער פאַרפירערישקייט, אַנטקעגן נסיון? טאַטזעכלעך בין איך נישט מער ווי א ליידיקע כלי אין וועלכער עס איז נישטאָ קיין

שום זכר פון אַ פּאָזיטיוון אינהאַלט. יאָ, אַזוי איז די זאַך.*)

## מיין צוקונפט

אין מיין טאָג־בוך האָב איך שוין עטלעכע מאָל געשריבן וועגן דעם, וואָס וועל איך זיין ווען איך וועל ווערן זעלבשטענדיק, דאָס הייסט אין אַ פינף־זעקס יאָר אַרום. די דאָזיקע פראַגע באַשעפטיקט מיך שוין זייט איך בין פאַרוואָגלט געוואָרן פון מיין ערשטן גלות־אָרט אין וועלכן איך בין געבוירן געוואָרן. איך האָב אַמאָל געטראַכט, אַז איך האָב שוין פאַרענט־פערט די דאָזיקע פראַגע: דאָס הייסט, איך האָב געשריבן דעמאָלט אין מיין טאָג־בוך, אַז איך האָב בדעה צו ווערן אַ פּאָליטיקער, אַ יידישער פּאָליטי־קער און דורך דעם וועל איך טאָן די עבודה פאַר מיין פאָלק און פאַר מיין ג־ט. דעמאָלט האָב איך גערעכנט אַז דאָס איז די גאָר־גאָר שענסטע לעזונג, ווייל אַזוי קאָן מען דאָס זעען מיט גרויסער קלאָרקייט פון די געשעענישן פון אונדזער צייט, און לערנען פון די מענטשן וואָס שטייען אין שפּיץ אין פאַרשידענע לענדער, וואָס כמעט זיי אַלע האָבן נישט דערגרייכט צו דעם שטאַנד, וועלכן זיי פאַרנעמען היינט, דורך לאַנגער לערע און נישט דורך נייע געדאַנקען און דאָס ענלעכע, נאָר קודם־כל דורך זייער שטאַרקער לוסט צו מאַכט, און צוליב סיבות פון קלענערער ווערט, אין דער צוויי־טער ריי. דעריבער האָב איך געטראַכט, אַז מיין מצב אין וועלכן איך געפין זיך היינט איז זייער צוגעפּאַסט צו מיין מיינונג צו ווערן אַ פּאָליטיקער, ווייל דערצו דאַרף מען נישט לערנען טעג און נעכט, מען דאַרף נישט טראַכטן קיין געדאַנקען, נאָר מען דאַרף נאָר און אויסשליסלעך אַ האַרטן כאַראַקטער און אַ האַרץ פון אייזן. און ווען צו דעם וועל איך נאָך האָבן וועלכע עס איז ידיעות אין אַנדערע געביטן, דעמאָלט וועט אַלץ זיין גוט און שיין בתכלית השיינקייט.

און אין דער אמתן, האָב איך די ערשטע צייטן נאָך דעם ווי איך האָב אַרויסגעבראַכט אין מיין טאָג־בוך דעם דאָזיקן געדאַנק, וואָס דאָס איז געווען ווי אַ מין קריסטאַליזאַציע פון מיינע געדאַנקען פון פאַר אַ פּאָר טעג — האָב איך אַלץ געריכטעט אַלץ צו טאָן פאַר דעם ציל. אַלע מיינע טאַטן זענען געווען געווענדעט צו דעם דאָזיקן צענטראַל־פּונקט, און מיין גאַנץ טראַכטן און מיינע געדאַנקען האָבן באַרירט נאָר דעם ענין וועגן וועלכן עס איז אויבן גערעדט געוואָרן. אָבער נאָך אַ געוויסער צייט האָב איך געזען און נאָך מער געפילט, אז אלץ וואָס איך האָב געטאָן איז כמעט ווי גאָרנישט. וואָס קאָן איך טאָן. וואָרום איך האָב דאָך נישט קיין שום פאַר־בינדונג מיט קיין שום מענטש. העכסטנס האָב איך אַ סך געלערנט אַראַביש,

*) דאָ ענדיקט זיך דער האָלענדישער טעקסט.

וואָס דאָס איז געווען געוועגדעט צו מיין ציל וועלכן איך האָב זיך גע־שטעלט, ווי איך האָב עס פאַרטייטשט אין מיין טאָג־בוך. אָבער ווען די מלחמה איז געוואָרן וואָס אַמאָל שרעקלעכער און ריזיקער, האָב איך גע־פילט אַז אויב עס וועלן באמת אַרויס פון דער דאָזיקער מלחמה רעזולטאַטן פון אייביקער ווערט פאַרן גורל פון אונדזער פאָלק, דאָס הייסט, אויב עס וועט באמת אַרויס פון דער דאָזיקער מלחמה די גאולה פון אונדזער פאָלק, וואָס צו איר טוען מיר שטרעבן שוין צוויי טויזנט יאָר, און דאָס וועט גע־שען נישט אויפן דיפּלאָמאַטישן אָדער אויף אַן אַנדער אָפּנאַרערישן וועג, אָדער פון גנאָד פון די גרויסמאַכטן, און אין דעם גלויב איך באמונה שלמה, דאַן האָט שוין נישט קיין שום ווערט דאָס אַראַביש וואָס איך לערן. דורך דעם ווערט פאַר מיר דאָס אַראַביש, וואָס איך לערן, פון אַ קנאַפּער ווערט. אַזוי אַרום האָט אַ גרויסער טייל פון מיינע טראַכטונגען וואָס זענען געווען קאָנצענטרירט צום צענטראַלן פּונקט, אויפגעהערט צו עקזיסטירן. דאָס הייסט, אַז אַ גרויסער טייל, אויב נישט אַלץ, פון מיין פּאָזיציוון אינהאַלט, איז אַוועק פון מיר און איך בין כמעט אינגאַנצן אויסגעליידיקט געוואָרן.

און דאָס איז עס אויף וואָס כ׳שריי אַזוי: די שרעקלעכע ליידיקייט וועלכע איז פון אַ געוויסער צייט פאַראַן אין מיר. איך פיל אין זיך, אַז איך בין שוין מער גאָרנישט. יאָ, נאָר דער צענטראַל־פּונקט איז פאַראַן, אָבער וואָס האָב איך דערפון אַן קאָנקרעטע מעשים. ווייל לויט דעם צו וואָס איך בין דערגאַנגען פאַר אייניקע טעג, זענען אַלע מיינונגען און געדאַנקען גאָרנישט ווערט אויב עס קאָנען נישט קומען דורך זיי צום אויסדרוק רעאַלע מעשים. און נאָך ווייניק וואָס איך בין ליידיק און אָן יעדן אינהאַלט. ס׳איז נאָך מער, ווייל דורך מיין שרעקלעכער לערקייט איז ליידיק געוואָרן אין מיר אַן אָרט פאַר אַלע מינים מחשבות, וואָס דרוקן זיך אויס אין טאַטן, אַז זיי זאָלן קאָנען אַריין אין מיר. ווייל אין לעבן איז נישט פאַראַן קיין גאָרנישט (נול). דאָס הייסט, עס איז נישט מעגלעך אַז איך זאָל נישט זיין נישט פּאָזיטיוו — און נישט נעגאַטיוו. אויב איז נישט פאַראַן אין מיר קיין פּאָזיטיווס, דעמאָלט וועט אַן שום אָפּהאַלט אויסגעליידיקט ווערן דאָס אָרט פאַר אַלע מינים נעגאַטיווקייטן. און איצט זוך איך גאַנצע טעג אַן אינהאַלט פאַר מיר, איך זאָל נישט פאַרלוירן גיין אינגאַנצן. אין יעדער זאַך זע איך אַ האָפענונג, אַז זי וועט מיר דינען פאַר אַן אינהאַלט, וואָס וועט מיך באמת אויספילן. אָבער איצט איז, ווי פון יעדער זאַך, וועלכע איך האָב געהאַלטן פאַר געגוג וויכטיק אַז דאָס זאָל זיין פאַר מיר אַן אינהאַלט, וואָלט איך געהערט אַ שטימע צו זיך זאָגן: דו נאַרסט זיך אַליין אַז דאָס וועט זיין פאַר דיר אַ תוכן, די זאַך אָדער אַן אַנדערע זאַך האָט אַ גענוגנדע ווערט אַז זי זאָל פאַרפילן נאָר אַ טייל פון דיין גייסטיק לעבן. אין אַזאַ מצב בין איך שוין אַ געוויסע צייט, איך בלאָנדזשע און איך זוך פאַר מיר אינהאַלט, אינהאַלט.

אינהאַלט!!! אָבער ביז איצט האָב איך נאָך גאָרנישט געפונען. אפילו נישט די מינדעסטע זאַך, וואָס זאָל כאָטש זיין מער ווי מיסט. אין מיינע תפילות בעט איך אַז ג־ט זאָל זיך אויף מיר מרחם זיין און זאָל אויסשטראַלן פון זיין גייסט אויף מיר, און דאָס זאָל מיר זיין פאַר אַן אינהאַלט. דער רוח הקודש זאָל מיך אָנפילן און ווידער אויפלעבן. און אויך בעט איך פון הקב״ה אַז ער זאָל זיך דערבאַרעמען אויף זיין דערדריקט און פאַרשעמט פאָלק, וועלכעס מען האָט באַרויבט פון אַלע רעכט אָבער נישט פון דעם רעכט פאַרשעמט און געמאַרדעט צו ווערן. דערבאַרם זיך ג־ט איבער דיין פאָלק, האָב רחמנות און זיי זיך אויך מרחם אויף דיין קנעכט, ווייל נאָר דינען וויל איך דיך, ג־ט, דערבאַרעם זיך זשע (י״ד איר תש״ג).

## רחמים *

מיט אַ געוויסער צייט צוריק בין איך געזעסן אין... און בלית ברירה האָב איך אָנגעהויבן טראַכטן. אין אַ פערטל שעה אַרום האָב איך באַדאַרפט גיין צו לערער און איך האָב געטראַכט, וואָס וועל איך זאָגן ווען איך וועל אַריינקומען צו אים. פאַרשטייט זיך אַז קודם־כל וועל איך זיך מיט אים באַגריסן און דערנאָך וועל איך אים פרעגן ווי אַזוי ער האָט פאַר־בראַכט זיין פעריען־צייט. אָבער דאָס וועט נאָר זיין דער אַריינפיר. און בכדי צוצוגעבן דעם דאָזיקן אַריינפיר אַן אַנדערע פאָרעם ווי אַ געמאָטל פון שכנטעס, דאַרף נאָך דעם אַריינפיר קומען „עפּעס בעסערס״, עפּעס „מער דערהויבנס״. דאַן האָב איך זיך פּלוצים דערמאָנט ווען די מאַוימדיקע באָמבאַרדירונג פון האמבורג. יאָ, איך וואָלט אים געפרעגט זיין מיינונג וועגן דעם. איך האָב געוווסט, אַז ער איז אַן אַנטי־דייטש, צוליב אידעאָ־לאָגישע טעמים. אָבער ער וואָלט נישט געקאָנט קומען מיט קיין טענות צו מיר אין פאַל, ווען איך וואָלט זיך געשטעלט אויף דער זייט פון די געטראָפענע, ווייל אַזוי אַרום וואָלט איך אַנדעקט אַז איך האָב נאָך אין זיך אַ נויקעץ פון רחמנות. און כאָטש די ווערט פון דעם דאָזיקן אַבסטראַקטן באַגריף איז שוין זייער געפאַלן און עס זענען אפילו פאַראַן מענטשען וואָס האַלטן פאַר ריכטיק חוזק צו מאַכן פון דעם דאָזיקן באַגריף — דאָך קאָן איך זיך נישט פאָרשטעלן, אַז ער געהער צו דעם דאָזיקן מין מענטשן, און אַז מכוון צו זיין פון פאַרויס בין איך דערגאַנגען צו אַ טעמע, איבער וועלכער עס איז כדי זיך צו פאַרטראַכטן איבער איר נאָענטער, און נאָך דעם ווי איך האָב געטראַכט איבער דעם ביי א פינף מינוט בין איך געקומען צו פאָלגנדע

*) די דאָזיקע טייל איז אין מקור געשריבן אין האָלענדיש. די יידישע איבערזעצונג איז געמאַכט פון דער העברעאישער איבערזעצונג פונעם האָלענדישן טעקסט. (י. ה.)

אויספירן: איך בין אַרויס פון דער הנחה ווי מיין רבי וואָלט מיך געפרעגט: ובכן, וואָס איז דאָס אַזוינס רחמנות, טאַטזעכלעך? דעמאָלט וואָלט איך געענטפערט אַזוי: בכדי דאָס צו פאַרשטיין, איז גלייך גוט זיך צוצוקוקן צו די וויטערדיקע ביישפּילן:

לאָמיר אָננעמען, אַז דו גייסט אין גאַס און דו זעסט אַ קינד פון אַ יאָר פיר, וואָס כאַפּט קלעפּ פון אַן אַנדער קינד, אַביסל אַ גרעסערס פאַר אים. דאָס זענען ריכטיקע קלעפּ. דער קליינער, דער געטראָפענער, האָט אַ געשוואָלן אויג, עס רינט אים בלוט פון דער נאָז, ער האָט באַקומען עטלעכע ביילן און דאָס גלייכן. עס איז נאַטירלעך, אַז דו, דער זייטיקער אַבסערוואַטאָר, זאָלסט זיך תיכף שטעלן אויף דער זייט פון דעם געטראָפענעם פון דער דאָזיקער געשעעניש, און פאַרשטענדלעך, דו ווילסט עס טאָן צוליב דער פּשוטער סיבה, ווייל דו האָסט אויף אים רחמנות. דאָס איז דער ערשטער פאַל.

און איצט א צווייטער פאַל.

ווידער גייסטו אין גאַס און דו זעסט פאַר זיך פּילווייניק די זעלבע זאַך, ווי ביים ערשטן פאַל. דאָס הייסט: עמעצער ווערט אכזריותדיק געשלאָגן. און ער איז לויט דיין מיינונג ריין פון זינד. דו גייסט זיך דיין וועג און נאָך דעם ווי דו ביסט אַדורך עטלעכע גאַסן זעסטו ווידער אַן ענלעך בילד, נאָר דאָס מאָל איז דער וואָס האָט פריער געשלאָגן — איז איצט דער געשלאָגענער. אין פּלוצים אנדעקסט דו, אַז עס איז נישט געבליבן אין דער קיין זכר פון דיין פריערדיק רחמנות־געפיל, וואָס דו האָסט געהאַט אין זיך. פאַרקערט, דו וועסט זאָגן צו זיך: גוט, איצט באַקומט דער מנוול דאָס וואָס עס קומט אים.

דריטער פאַל:

זיין אָנהויב איז ווי ביים ערשטן פאַל און זיין המשך ווי ביים צווייטן, אָבער איצט איז די אַנטוויקלונג פון דעם געשעענעם אַזאַ: דער וואָס האָט דער ערשטער געשלאָגן כאַפּט דאָס מאָל אַריין אַזעלכע אכזריותדיקע קלעפּ, אַז נישט געקוקט אויף זיין "פאַרגאַנגענהייט" האָט דיך פונדעסטוועגן אָנגענומען א רחמנות אויף אים.

מיר שיינט, אַז די וויטערדיקע דעפיניציע לייגט זיך אויפן שכל ווי אַ פיל ווייניק ריכטיקע: "רחמנות" איז דער טייטש, אַ געפיל וואָס גייט אויף פון זיך אַליין אין האַרץ פון אַ מענטש, ווען ער זעט די ליידן פון אַ צווייטן מענטש, אָדער ווען ער הערט וועגן זיי, אַ ליידן, וואָס זיין פאַרנעם אַנטשפּרעכט נישט, לויט זיין מיינונג, דער מאָס וואָס עס קומט דעם געטראָפענעם. אויב מען פאַרשט אויס די דאָזיקע דעפיניציע אינעם ליכט פון די דריי אויבנדערמאָנטע פאַלן, זעט זיך מיר אויס ווי ס׳וואָלט באַוויזן געוואָרן, אַז זי, די דאָזיקע דעפיניציע, איז אַ גענוג ריכטיקע.

איצט קאָן מען איבערגיין צו דער אָפּשאַצונג פון דעם געפיל פון רחמנות. לויט דער דאָזיקער דעפיניציע, פליסט אַרויס דאָס רחמנות פון דעם אָנזעבאַרן חילוק צווישן דעם, וואָס עס קומט אויף אַ מענטש און צווישן דעם טאַט וואָס ער איז באַגאַנגען, און דעם וואָס עס קומט אים אַלס רעזולטאַט דערפון. און די פראַגע שטעקט אין דעם פאַל אין דער דעפיניציע פון דעם באַגריף "אָנזעבאַר". פאַקטיש איז עס אויסגעשלאָסן אַז אַ מענטש זאָל אַלץ וויסן וועגן יענעמען און ער זאָל קאָנען אויף דעם סמך משפטן, וואָס עס קומט יענעמען יאָ און וואָס עס קומט יענעמען נישט. און דעריבער איז אויך נישט מעגלעך צו קאָנען דעצידירן, צי זענען באַרעכטיקט די רחמנות־געפילן וואָס האָבן זיך דערוועקט ווי אַ רעזולטאַט פון יענעמס גורל. אַלזאָ, לגבי דער פראַגע פון רחמנות, וואָס דערוועקט זיך ווי אַ פועל יוצא פון אַ פאַל וואָס טרעפט אַ געוויסן מענטש, קאָן מען פאַקטיש באַשטימען, אַז ס'איז מעגלעך און זייער מעגלעך, אַז דאָס רחמנות־געפיל האָט נישט קיין שום יסוד ווען עס איז נישט פאַראַן קיין פול וויסן...*

## אמונה

האָסט דיר נישט קיין שענערע זאַך אין דער אין דער וועלט ווי אמונה, ווי גלויבן מיט אַ נישט דערשיטערנדיקן גלויבן אין אַן אידעאַל וועלכער איז הייליק אין דיינע אויגן, אין אַן אידעאַל וואָס דו האָסט אים אויסדערווײלט לטובת דעם פאָלק און פאָטערלאַנד. די הייליקע אמונה וואָס אַנטקעגן איר ווערט די גאַנצע אויסערלעכע ווירקלעכקייט צו גאָרנישט, און דער זין פון איר עקזיסטענץ איז העכסטנס אין דעם, אַז זי זאָל דינען פאַר אַ באַ־ווייז פאַר ריכטיקייט פון דער דאָזיקער אמונה. די אמונה, וואָס פון איר שעפּן מיר אַלע כוחות, וואָס צו איר קערן זיך צוריק אונדזערע אַלע כוחות בכדי צו שעפּן פרישע אמונה, די אמונה וואָס יעדער נצחון שטאַרקט זי צענפאַכיק און יעדער מפלה קאָן זי נאָר מאַכן האַרט־געגאָסענער, מער מאַסיוו, מער איבערצייגנדיק און וואָרצלענדיקער. וואָרום די דאָזיקע אמונה איז די הייליקסטע זאַך פון דעם אַלעם וואָס איז געווען און ווערט זיין בנמצא אין אונדזער וועלט. די דאָזיקע אמונה איז נישט פאַרבונדן מיט הייזער אָדער מיט אַנדערע חפצים. די אמונה וועלכע מיר טראָגן אין זיך און וועלכע אַנדערע וואָס וועלן קומען נאָך אונדז וועלן נעמען אויף זיך מיט נאָך מער קראַפט נאָך אונדזער טויט, בכדי צו באַשאַפן דעם כוח, ממשיך צו זיין און צו טראָגן דעם אידעאַל. אונדזער העברעאיש וואָרט "אמונה" מאַכט אונדז קלאָר אַלץ וואָס מיר דאַרפן זיין, ווי אַזוי דאַרפן מיר זיין טעטיק, ווי אַזוי מיר דאַרפן בלייבן. דאָס אַלץ געפינט זיך אין אונדזער

*) אָפּגעהאַקט אין טעקסט.

הײליק װאָרט „אמונה". די פעסטע אמונה װאָס מיר האָבן אין אונדזער פאָלק, דאָס אויסנעמלעכע פאָלק, דאָס אײביקע פאָלק, אין אונדזער פאָלק, װאָס זײנע לײדן זענען נאָר דערצו בכדי זײ זאָלן פארפעסטיקן זײן הארט־נעקנדיקײט און שטאַרקײט. די אמונה װאָס מיר האָבן אין אונדזער לאַנד, דאָס לאַנד װאָס איז געװען אונדזערס און װעט זײן אונדזערס, דאָס לאַנד װאָס איז געהײליקט געװאָרן מיט דעם עצם גלױבן אין דעם, דאָס לאַנד װאָס גיט אונדז צו יעדן טאָג און טאָג נײַע כוחות.

און איבער דעם אַלעם אונדזער אמונה אין דעם ג־ט פון אונדזערע עלטערן, אין אונדזער ג־ט, אין ג־ט פון די װאָס װעלן קומען נאָך אונדז, אין ג־ט פון אונדזער פאָלק, אין ג־ט פון ישראל װעלכער האָט אונדז געפירט און אונדז געהיטן ביז אַהער דורך טאָלן טיפע װי מתים־גריבער, דורך די לענג פון אָפּגרונטן שאַרף אַראָפּפאַלנדיקע און דורך פײער־פּרוװן די שװערסטע. די אמונה װעלכע מיר װעלן קײנמאָל נישט פאַרלאָזן, װײל טאָמער װעלן מיר זי פאַרלאָזן װעלן מיר זיך אַלײן פאַרלאָזן. די אמונה װאָס װעט אײביק אונדז באַגלײטן ביז מיר װעלן מיט איר כוח זוכה זײן צו א נצחון, װאָס פאר איר זענען מיר געשלאָגן געװאָרן און מיר װעלן נאָך געשלאָגן װערן מיט אַזױפיל יסורים ביז עס װעט אונדז געגעבן װערן מיט ג־טס הילף עולה צו זײן אין אונדזער לאַנד און דאָרט צו לעבן װי אײן פאָלק אין אײן לאַנד, דאָס אײנציקע פאָלק פון דעם אײנציקן ג־ט. *)

און דעריבער ג־ט דערבאַרעם זיך אויף דײן פאָלק און דערבאַרעם זיך אויך אויף מיר. דערבאַרעם זיך זשע מיט דײן פיל רחמנות און העלף מיר, װײל אַנדערש פאַרלױרן בין איך פאַרלױרן. דו װײסט, אַז נאָר דיר אַלײן װיל איך דינען. דערבאַרעם זיך זשע ג־ט דערבאַרעם זיך, דערבאַרעם.

(כ׳ אײער תש"ג)

## װידעראַמאָל מײן צוקונפט

שױן עטלעכע מאָל האָב איך געשריבן װעגן מײן צוקונפט, װאָס איך האָב בדעה און חשק זיך צו שטעלן פאַר אַ ציל פון מײן לעבן, אָדער לכל־הפחות דאָס, װאָס מיט דעם איז מײן כװונה אויסצופילן מײן לעבן. די דאָ־זיקע פראַגע װעלכע איך האָב שױן אַ סך מאָל געלעזט אויפן פּאַפּיר, האָב איך נאָך דערװײל נישט געקאָנט קײן אײן מאָל לעזן אין טאָג־טעגלעכן לעבן. די דאָזיקע פראַגע איז פאַר מיר װידער געװאָרן אַקטועל דורך **) װאָס איז פאָרגעקומען צװישן מיר און מײן חבר, װען איך האָב זיך געטראָפן מיט אים דאָ אין בריסעל, װעגן אונדזער צוקונפט.

---

*) דאָ ענדיקט זיך דער האָלענדישער טעקסט.

**) אַ בלױז אין טעקסט.

ער האָט מיר געזאָגט, אַז זיין ווילן איז צו ווערן אַן אָרגאַנאַם און ספּעציעל ביים באַוואָסערן וויסטע ערד־טיילן, וואָס דאָס איז לויט זיין מיינונג זייער אַ דרינגענדיקע זאַך פאַר ארץ־ישראל נאָך דער דאָזיקער מלחמה. ווי מיר זעען האָט ער אַ ביז גאָר רעאַלן כאַראַקטער. צוזאַמען מיט דעם האָט ער מיר געענטפערט אויף מיין פראַגע וואָס איך האָב אים געשטעלט, וואָס פאַרא וועט זיין לויט אים דער מצב נאָך דער מלחמה. לויט זיין מיינונג וועט ענגלאַנד און די אַנדערע קאַפּיטאַליסטיש־לענדער זיגן אין דער מלחמה און דורך דעם וועט זיך פאַר אונדז אַלץ צוריקקערן צו דעם אַזוי ווי עס איז געווען פריער. אפשר וועט אַביסל לייכטער ווערן פאַר אונדז דאָס באַזעצן זיך אין ארץ־ישראל, אָבער אין די אַנדערע זאַכן וועט זיין אַלץ גלייך צו דעם, ווי עס איז געווען פאַר דער מלחמה. ער האָט מיך אויך געפרעגט וואָס האָב איך בדעה צו זיין, נאָר איך האָב אים נישט געענטפערט קלאָר, געענוי. אָבער טעג נאָך דעם האָט מיר זיין פראַגע נישט געגעבן קיין מנוחה, וואָס דאָס איז דאָך די פראַגע וואָס איך אַליין שטעל מיר פון אָנפאַנג פון מיין זיין דאָ. אין מיין טאָג־בוך האָב איך שוין עטלעכע מאָל געענטפערט אויף דער דאָזיקער פראַגע, אָבער אין לעבן אַליין איז גאָרנישט געוואָרן פון מיין ענטפער, פון מיין באַשייד. און נאָכנישט דאָס אַליין, נאָר איך האָב פאַרגעסן צו געפינען אַ באַשייד פאַר אַ סך מער וויכטיקערער פראַגע ווי די וועגן מיין צוקונפט, און דאָס איז: ווער בין איך, וואָס האָב איך איצט צו טאָן, מיט וואָס האָב איך אויסצופילן מיין לעבן, ד.ה. געבן דעם לעבן אַן אינהאַלט, אַז עס זאָל נישט זיין אַזוי ליידיק. צו דער דאָזיקער פראַגע האָב איך נאָך נישט געפונען ביז איצט קיין שום באַשייד אפילו נישט אין שריפט.

צוגייענדיק צו דער דאָזיקער פראַגע דאַרף איך קודם־כל, ווי ווייט דאָס איז מעגלעך, דעפינירן — ווער בין איך, אין וואָס פאַרא מצב בין איך, און מיט וואָס פאַרא זאַכן בין איך פאַרבונדן און דאַרף זיך מיט זיי רעכענען. צוערשט קאָן איך פעסטשטעלן מיט דער גאַנצער זיכערקייט, אַז איך בין אַ ייד. ד.ה. אַז אין לעבן בין איך ענלעך צו דעם מין מענטש וועלכן מען איז זיך נוהג צו רופן ייד. איינס פון די שטאַרקסטע באַווייזן פאַר דעם דאָזיקן אמת איז, ווי מיר שיינט, אַז אַלע אומגליקן וואָס זענען געצילט צו פייניקן די מענטשן־גרופּע וועלכע איז באַקאַנט מיטן נאָמען יידן, זענען אויך געצילט אין מיר. און אָדער איך לייד צוליב זיי, אָדער איך מוז טאָן אַזעלכע זאַכן וואָס אַדאַנק זיי זאָל איך נישט ליידן אין אַזאַ גרויסער מאָס, וועלכע איז קעגן מיר פאַרטראַכט געוואָרן, אָדער איך לייד אינגאַנצן נישט פון זיי. אַלזאָ, אַ ייד בין איך אין פולן זין פון דעם וואָרט.

אַ חוץ דעם באַווייז, וואָס איך האָב געבראַכט אויבן, האָב איך נאָך זיבן און זיבעציק באַווייזן וועלכע עס איז נישט פאַראַן קיין בויטוועגדי־

קײַט זײ צו ברענגען. און דורך מײַן זײַן בין איך פֿאַרבונדן מיט דער מענטשן־גרופּע, װאָס לײַדן שױן צװײ טױזנט יאָר אין אַ פֿולער מאָס און אין דער איצטיקער צײַט לײַדן זײ מער פֿון דעם אַלעם, װאָס זײ האָבן געליטן אין משך פֿון די צװײ טױזנט יאָר פּײַן, הן װאָס שײַך דעם כּמות און הן װאָס שײַך דעם איכות פֿון די אומגליקן. דורך די גרױסע נסים פֿון ג״ט ברוך הוא, װאָס איך האָב גאָר נישט קײן װערטער זײ אַרױסצו־שרײַבן, און דורך זײַן גרױס גענאָד, האָבן מיר זוכה געװען, הײַנו, מײַן משפּחה װאָס באַשטײט פֿון נײַן נפשות, פֿון זײ דרײַ זכרים און זעקס נקבות, צו אַ לינדערונג פֿון דעם עול אין אַזאַ מאָס, אַז אונדזער מאַטעריעלער מצב פֿון פֿאַר דער מלחמה איז כּמעט װי נישט געענדערט געװאָרן. אין פֿאַרהעלטניש צו דעם װאָס עס האָט געטראָפֿן מיט אַנדערע ייִדן איז עס אַ נס װאָס זײַן גרױס גרײכט ביז צום הימל. װי איך האָב שױן געשריבן, איז נאָר אונדזער מאַטעריעלער צושטאַנד ביז גאָר אַ גוטער. װאָס שײַך אונדזער גײַסטיקן צושטאַנד, װאָס דאָס איז אױך אַ ביז גאָר גרױסער עיקר, איז נישט אַלץ גאָר גוט. װאָס איז דער טײַטש אַז „דער גײַסטיקער מצב איז נישט גאָר גוט" און װען איז ער יאָ גאָר גוט. יאָ, און װאָס איז דאָס באמת דער גײַסטיקער מצב. איך האָב זיך נאָך אפֿילו קײן אײן מאָל נישט געשטעלט די דאָזיקע פֿראַגע און איצט שרײַבנדיק איז זי מיר פּלוצים אױפֿגעקומען אױפֿן מוח. ענטפֿערן אױף דער פֿראַגע איז כּלל וכלל נישט לײַכט. װעל איך זשע דעפֿינירן די פֿראַגע בנוגע צו זיך אַלײן, װײַל עס איז מיר באמת ביז גאָר שװער צו משפּטן װעגן דעם גײַסטיקן מצב פֿון דער רעשט מײַנע משפּחה־מענטשן. רעדנדיק װעגן דעם מאַטעריעלן מצב האָב איך געמײנט דאָס: װען איך בין הונגעריק אָדער דורשטיק און איך גײ צו דעם קרעדענץ און קאָן מיר דאָרט נעמען אַלץ װאָס איז מיר נױטיק, דעמאָלט קאָן איך זאָגן, אַז מײַן מאַטעריעלער מצב איז גוט, אָדער אפֿילו זײער גוט. אָבער איצט װעגן גײַסטיקן מצב. אױך דער גײַסט האָט זיך זײַנע באַדערפֿענישן װאָס מען דאַרף זײ נישט גרינגשעצן. אָבער װען האָט דער גײַסט די דאָזיקע באַדערפֿענישן און אין װאָס פֿאַראַ אופֿן קאָן מען זײ דערפֿילן. אױפֿשטײענדיק פֿון בעט, דעמאָלט דאַרף איך װאַסער און זײף, אָבער דאָס איז, פֿאַרשטענדלעך, נישט קײן גײַסטיק געברױך. נאָך דעם װי איך האָב זיך אַרומגעװאַשן דאַװן איך. מיט דער זאַך פֿיל איך אױס אין אַ באַשטימטער מאָס אַ גײַסטיק באַדערפֿעניש, אָבער מײַן תּפֿילה איז געװאָרן בײַ מיר אַ זאַך פֿון רוטין און דעריבער *).

*) אָפּגעהאַקט אין טעקסט.

## אתה בחרתנו

נעכטן איז געווען שבועות, דער יום־טוב שבועות, דער יום־טוב פון שניט איז נעכטן געווען צו אונדזער פאָלק, צום יידישן פאָלק, וועלכעס געפינט זיך איצט אין אַ קריזיס וואָס אַזוינער איז נאָך נישט געווען. דאָס יידישע פאָלק וועלכעס איז איצט אין גלות, וועלכעס האָט אַדורכגעוואַנ־דערט זיבן און זיבעציק גלותן, האָט נעכטן געפייערט דעם יום־טוב פון שניט, ד.ה. נעכטן איז געווען די צייט פון יום־טוב שבועות. אין די פרי־ערדיקע יאָרן זענען אין דער צייט די יידישע בתי הכנסת געווען באַצירט מיט בלומען, צווייגן און אַזעלכע ענלעכע זאַכן. דאָס מאָל איז, פאַרשטענד־לעך, נישט מעגלעך געווען דאָס צו טאָן. יעדנפאַלס אין די אייראָפּעאישע לענדער איז דאָס געווען אַן אַבסאָלוטע אוממעגלעכקייט. די סיבה איז יעדן באַוווסט: וואָרעם אין די דאָזיקע טעג זענען די יידן פאַרטריבן געוואָרן דעם טויזנטסטן און איין מאָל פון זייער פריערדיקן גלות־אָרט. און די דאָזיקע פאַרטרייבונג איז נישט קיין פשוט גלות, ווי די גלותן אין וועלכע מיר זענען פאַרטריבן געוואָרן אַן אַ שיעור מאָל. ניין, דאָס מאָל זענען מיר אַטאַקירט פון אַלע זייטן אין אַלע ערטער ווו מיר האָבן זיך געהאַט באַזעצט, צי אין בעלגיע, צי אין פראַנקרייך, צי אין האָלאַנד, צי אין רומעניע און פון אַלע די ערטער זענען זיי פאַרטריבן געוואָרן. און לא די וואָס זיי זענען פאַרטריבן געוואָרן, נאָר דאָרט וווהין זיי זענען פאַר־טריבן געוואָרן, דאָרט ווערן אונדזערע ברידער געדרודפט, ווי נאָר יידן קאָן מען רודפן.

יאָ, זיי ווערן געדרודפט אָן אַ סוף, אָן אַ גרענעץ. אָבער צי איז די זאַך אַ וווּנדער? ווער וועט זיך פון דעם וווּנדערן, וואָרעם די זאַך איז דאָך פשוט בתכלית הפשטות. צו וואָס מער איז מסוגל אונדזער פאָלק ווי גע־רודפט צו ווערן. צי איז עס אַ פאָלק פון מיליטער, אָדער אפשר זענען זיי ערד־אַרבעטער, וואָרעם נאָר געדרודפט צו ווערן פאַסט פאַר זיי. און עס איז זיך כלל וכלל נישטאָ וואָס צו וווּנדערן אויף דעם. וואָרעם אַלע איז באַקאַנט אונדזער ליבע און שיינע תוכחה. ווער האָט זי אַמאָל נישט געלייענט, ווער האָט זי נישט געהערט אַמאָל לייענען מיט אַן אַראָפּגעע־נידערט קול. אַמאָל האָב איך מורא געהאַט צו דערנענטערן זיך צו איר און זי צו לייענען. שטענדיק ווען איך בין צוגעקומען צו די ערטער אין דער תורה אין וועלכער זי איז געשריבן, פלעג איך אַריבערהיפּערן איבער זיי, ווייל איך האָב באמת פאַר זיי מורא געהאַט. אָבער אין דער לעצטער צייט, אין דער צייט פון די דאָזיקע אומגליקן איז מיר פאַרלוירן געגאַנגען די גאַנצע מורא און דער גאַנצער פחד איז זיך אַוועק. מיט וואָס פאַראַ ליבשאַפט דערנענטער איך זיך צו דער תוכחה זי צו לייענען, אַזוי ווי איך וואָלט געקאָנט געפינען אין איר אַביסל טרייסט פאַר די אַלע זאַכן

וואָס פעלן מיר. און אויך „איכה" לייען איך אַ סך מער ווי איך בין געווינט געווען דאָס צו טאָן פריער. יאָ, ביטער איז אונדזער גורל, און דעריבער איז ביטער אויך מיין גורל. אַלע פעלקער פרייען זיך, לעבן, און מיר שטאַרבן. אפילו דייטשלאַנד, וואָס געפינט זיך איצט אין אַזאַ מלחמה פאַר איר עקזיסטענץ, וואָס אירס גלייכן האָט זי נאָך קיינמאָל נישט געפירט, לעבט מער ווי אונדזער פאָלק. וואָרעם מיר זענען טויטע לעבעדיקע זענען מיר, אָדער לעבעדיקע טויטע. פריער אז איך בין געקומען בעתן דאַווענען צו דער תפילה „מחיה המתים" האָב איך זי שטענדיק געזאָגט מיט גרויסער נישט־כוונה. איך האָב זיך געפילט זייער ווייט פון דער צייט. אָבער איצט, דורך אונדזער אַזוי שיינעם מצב, האָט די תפילה באַקומען אַן אינהאַלט וועלכן זי האָט נאָך נישט געהאַט אין משך פון אַלע יאָרן זייט זי איז געשאַפן געוואָרן. איצט איז זי פאַראַנדערשט געוואָרן צו אַ ברכה־געשריי צוריק צו קומען צום לעבן, צו דער אויפלעבונג פון אונדזערע מתים.

אַלזאָ, איז געווען שבועות. ובכן האָב איך געדאַוונט מיט אַ ביסל מער כוונה די יום־טובדיקע תפילה, די תפילה פון אונדזער „פייערטאָג". און צוקומענדיק צו די ווערטער אַדורכגעפילטע דורך יעדן ייד און באַקאַנטע אַ געוויסן טייל גוים, האָט זיך מיר דער קאָפּ געדרייט, וויפל דורות זאָגן מיר שוין די דאָזיקע ווערטער.

אין משך פון וויפל גלות־יאָרן האָבן מיר זיי שוין איבערגעחזרט, צו דריי מאָל איבערגעחזרט, צו טויזנט מאָל איבערגעחזרט. אין משך פון וויפל אומגליקן חזרן מיר שוין איבער די דאָזיקע ווערטער פולע מיט אינהאַלט „אתה בחרתנו". יאָ דו האָסט אונדז אויסדערוויילט. אין דער ווירקלעכקייט לאָכן מיר אַליין שוין לאַנג פון די דאָזיקע ווערטער און פונדעסטוועגן באַגלייטן זיי אונדז שוין צוויי טויזנט יאָר און מיר שיינט אַז מיר וועלן זיי נישט פאַרגעסן אין די טעג וואָס זענען אָנגעגרייט צו קומען. איך האָב זיך אַזוי געטראַכט, צי איז באמת כדאי צו זיין אַ זון פון אַזאַ „אויסדערוויילט" פאָלק — אָבער אין סאַמע טראַכטן האָב איך געפילט אַז מיינע טראַכטונגען האָבן נישט קיין שום ווערט. צי עס איז יאָ כדאי, צי נישט — מיר זענען איינמאָל אויסגעקליבן געוואָרן און געענדיקט. געווען צייטן ווען איך בין שטאָלץ געווען דערמיט וואָס איך בין געבוירן געוואָרן אַ זון פון אַן אויסדערוויילט פאָלק, אָבער די דאָזיקע צייטן זענען שוין לאַנג אַוועק, פון לאַנג. איך קאָן נישט זאָגן, אז איך האָב פיינט די דאָזיקע אויסדערוויילטקייט, אָבער פון ליב צו האָבן זי בין איך זייער ווייט. ווען וועלן מיר שוין זען די פרוכטן פון אונדזער מי, ווען, ווען, ווען.

## י׳ סיון תשי״ג

שוין עטלעכע וואָכן אַז איך האָב נישט געשריבן מער אין מיין טאָג־בוך. דעם זין פון דער דאָזיקער זאַך איז מיר זייער שווער צו זאָגן, אין דער אמתן זענען פאַראַן דערצו אַ סך טעמים. אָבער דער עיקר טעם איז, אַז איך האָב געהאָפט די דאָזיקע גאַנצע צייט אויף אַ געוויסער זאַך. איך שעם זיך כמעט פאַר זיך אליין ארויפצוברענגען אויפן גערדאַנק צו וואָס איך האָב געהאָפט. פונדעסטוועגן, אַזוי איז עס געווען. יעדן טאָג און טאָג האָב איך געהאָפט אויף אַ נס... יאָ, אויף אַ נס. אַ וואָס פאַראַ וועט דאָס זיין דער דאָזיקער נס און וואָס וועט ער פאַראורזאַכן, האָט מיך נישט אינטערעסירט, איך האָב נאָר געהאָפט צו אים. אָבער אַ טאָג האָט זיך פאַר־קייטלט מיט נאָך אַ טאָג, אַ וואָך מיט אַ וואָך און מיין נס איז נישט געקו־מען. און אַזוי אַרום איז מיר באַוויזן געוואָרן אַז איך זאָל וויסן, אַז מען קאָן זיך נישט שטיצן אויף קיין נס. אָבער נישט בלויז אויף אַ נס האָב איך געהאָפט. איך האָב אויך געהאָפט אויף געוויסע אַנדערע זאַכן, אָבער אפילו איינס פון זיי איז נישט מקוים געוואָרן.

נאָך אַ סיבה פאַרוואָס איך האָב אַ געוויסע צייט נישט ממשיך געווען צו שרייבן מיין דאָזיקן טאָג־בוך: שוין פון אַ געוויסער צייט איז מיר באַוווסט, אַז דאָ, אין בריסעל, וווינט אויך אַ יינגל פון האָג, וועלכן איך האָב וואָס אַן אמת געקאָנט, אָבער די לעצטע צייט האָב איך זיך מיט אים נישט קיין סך געחברט אין האָג. אָבער דאָ, ווייל איך האָב נישט קיין שום אַנדערן חבר אויסער אים, האָב איך זיך באַמיט צו טרעפן מיט אים. איך האָב געהאָפט אַז מיר וועלן רעדן איינער מיטן אַנדערן וועגן די גע־שעענישן פון אונדזערע טעג און וועלן איבערגעבן איינער דעם אַנדערן אונדזערע מיינונגען וועגן זיי.

און דורך דעם וועלן מיר געדאַנקלעך באַפרוכפּערן איינער דעם אַנדערן און מיר וועלן אַזוי אַרום זיך זיין קעגנזייטיק נוצלעך. אָבער די דאָזיקע האָפענונג מיינע האָט מיך אַנטוישט. פון איין באַגעגעניש צו דער צווייטער האָב איך געהאָפט, אַז איצט וועט קומען די ריכטיקע מינוט און דורך דעם האָב איך געהאָפט וועל איך קאָנען פאַרטרייבן די ליידיקייט וואָס ביז היינט איז זי נישט אָפּגעטראָטן. אָבער אַ באַגעגעניש נאָך אַ באַגעגעניש זענען פאַרביי און קיין שום זאַך איז נישט געשען. וואָס אַן אמת האָבן מיר גערעדט איינער מיטן צווייטן, מיר האָבן אויך גערעדט וועגן די געשעענישן פון אונדזערע צייטן, אָבער דער גייסט וואָס האָט געהערשט אין אונדזערע שמועסן איז געווען אינגאַנצן אנדערש ווי איך האָב זיך מיר פאַרגעשטעלט. און אַזוי איז צוגעקומען נאָך אַן אַנטוישונג צו די סך אַנטוישונגען.

קיין שום רעאַלע זאַך האָט נישט פּאַסירט די גאַנצע פאַרגאַנגענע צייט. נאָר די דייטשן און די איטאַליענער זענען פאַרטריבן געוואָרן פון

אפריקע, אָבער מיט דעם האָט זיך נאָך נישט אַ סך דערנענטערט, לויט מיין מיינונג, דער סוף פון דער מלחמה. בכוונה שרייב איך נישט אַנשטאָט סוף מלחמה „אונדזער הילף". ווייל לויט מיין מיינונג, וועלכע איך האָב שוין אייניקע מאָל געשריבן אין מיין טאָג־בוך, און וועלכע איך האָב נאָך ביז היינט נישט געענדערט, איז נישט „סוף מלחמה" און „אונדזער הילף" אַדעקוואַטע זאַכן. פּאַרקערט. און דעריבער, ווי איך האָב שוין פריער געשריבן, קאָן מען נישט זען די דערנענטערונג פון דער ישועה אין די זיגן פון די פאַראייניקטע שטאַטן, נאָר גיכער פאַרקערט. פריער האָב איך געטראַכט, אַז מען זעט שוין סמנים אַז עס זענען געווען מיינונגס־פאַרשידנהייטן צווישן די „קאָאַליציע־לענדער" און וועלכע האָבן געקאָנט אָנגענומען ווערן ווי די אָנזאָגער פון דער גאולה. אָבער ביז איצט איז נאָך נישט פאַרווירקלעכט געוואָרן קיין זאַך פון דעם. דאַקעגן זענען פאַראַן אַנדערע סימנים. אַ סימן מובהק וואָס אין אים קאָן מען נישט צווייפלען אַז ער איז דער אָנזאָגער פון דער גאולה. ווי באַוווסט איז מיין מיינונג אין דעם ענין פון אונדזער גאולה, אַז די מלחמה וועט זיך ענדיקן מיט אַ מפלה פון אַ סך לענדער ווייל אַלע אָן שום אויסנאַם האָבן געפייניקט אונדזער פאָלק. אָבער עס זענען פאַראַן נאָך פעלקער וואָס זייערע זינד זענען נאָך נישט פול, און דאָס איז די איינציקע זאַך, וואָס צוליב איר ווערט אויפגעהאַלטן אונדזער גאולה. אָבער דורך דעם וואָרפן באָמבעס אויף איינוווינער גייט און עס ווערט פאַרפולט זייער זינד. די זינד פון רוסלאַנד און דייטשלאַנד איז שוין אין אַ גרויסער טייל פול געוואָרן. און די איינציקע זאַך אויף וועלכער מיר וואַרטן איצט, איז דאָס פאַרפולן זיך פון דעם חשבון פון ענגלאַנד און אַמעריקע. און דער חשבון גייט און ווערט פאַרפולט פון טאָג צו טאָג, אַזוי ווי איך האָב שוין אויבן געשריבן, דורך וואַרפן באָמבעס אויף די איינוווינער פון נישט באַשיצטע שטעט, פרויען, זקנים און קינדער. און נאָך אַ סימן איז פאַראַן און דאָס איז דאָס פאַרשטאַרקן זיך פון אַנטיסעמיטיזם אין די „קאָאַליציע־לענדער".

ביז מיט א קורצער צייט צוריק איז דער אנטיסעמיטיזם געווען דער פריוואַטער קנין פון דייטשלאַנד. אָבער פּאַמעלעך, פּאַמעלעך פאַרשפרייט זיך דער סם אפילו אויף די דייטש־פיינטלעכע לענדער. וואָס אָן אמת האָט עס נאָך דאָרט נישט אָנגענומען קיין אָפיציעלע פאָרם, אָבער דאָך איז דער אַנטיסעמיטיזם פאַראַן, און פון זיין פאַראַן זיין אין די דאָזיקע לענדער ביז צום דערגרייכן און פאַרנעמען אַן אָפיציעלע פּאָזיציע איז ניט מער ווי א שפרונג. און אָן ספק וועט דער אַנטיסעמיטיזם מאַכן דעם שפרונג, ווייל סוף כל סוף וועט דאָס נאָר קאָנען דינען צו פאַרשטאַרקערן די קראַפט פון אונדזער ישועה. אָבער דערווייל טראָץ אַלע די „גוטע" סימנים, ליידט אונדזער פאָלק ספּעציעל דאָ, אין אייראָפּע, נישט צום דערטראָגן. יעדן טאָג און טאָג הערט מען

פרישע פאלן, וואָס מאַכן ציטערן האַרץ און נשמה. אַזוי האָב איך געהערט אין איינעם פון די לעצטע טעג אַזאַ זאַך: פון האָלאַנד איז געפאָרן אַ יידי־שע פאַמיליע קיין בעלגיע, ווייל אין האָלאַנד קאָן מען זיך מער נישט אויס־באַהאַלטן און כמעט אַלע זענען פון דאָרט אַרויסגעפירט געוואָרן. די דאָזיקע משפחה איז באַשטאַנען פון פיר נפשות און די פרוי דאַרף געבוירן אַ קינד, ווי מיר שיינט איז זי שוין אין פינפטן חודש. די פאַמיליע האָט נאָך אַ ריי צרותדיקע געשעעענישן באַקומען אַן אָרט צום שלאָפן און דאָרט צו וווינען. אין איינעם אַ טאָג איז דער מאַן אַרויס נאָך עפּעס און ביז איצט נישט צו־ריקגעקומען. דאָס איז געשען פאַר צוויי וואָכן. מען קאָן זיך פאָרשטעלן דעם באַשטאַנד פון דער פרוי מיט אירע צוויי קינדער און ווען זי דערוואַרט דאָס דריטע. אַזעלכע זאַכן זענען פאַראַן אין די טויזנטער. און נאָך מער ווי מיר ליידן ווערט פון טאָג צו טאָג מבזה דער כבוד פון אונדזער פאָלק. אָבער ווער האָט אין אַזאַ אויסנאַמס־צייט אַ קאָפּ צום כבוד פון פאָלק. יאָ, די אומגליקן זענען צו גרויס, אַז מיר זאָלן זיך קאָנען פאַרנעמען מיט אונדזער כבוד, וואָס ווערט כסדר פאַרשוועכט. וועגן דעם וועל איך שרייבן נאָך אַן אַנדער מאָל. אָבער איצט איז אונדזער עיקר־האָפענונג צו דער ישועה און צום סוף פון די אומגליקן, צום סוף פון אונדזער ביטערן גלות, וואָס בקרוב וועלן מיר קאָנען פייערן זיין צוויי טויזנט־יאָריקן געבורטס־טאָג. אָבער דערווייל איז נאָך נישט מעגלעך מיר זאָלן געהאָלפן ווערן — ווייל עס איז „נאָך נישט פול די זינד פון אַמעריקע ביז איצט"!!

## עש"ק י"ד סיון

אין די פאַרגאַנגענע טעג איז געשען מיט מיר אַ סך מער ווי עס איז מיר מעגלעך צו שרייבן. דער צד השוה אין די אַלע פאַלן איז, אַז אַלץ איז אין סימן פון ירידה. איך פיל, אַז איך גיי און נידער אַראָפּ וואָס אַמאָל נידערי־קער און נידעריקער. איך האָב זיך צוגעזאָגט, אַז אין דער קומענדיקער וואָך וועל איך טאָן אַ גאַנצע און אַ ביז גאָר ראַדיקאַלע תשובה. איך וועל האָפן, אַז ג־ט וועט מיר בייהילפיק זיין און וועט חס זיין אויף מיין פאָלק און אויף מיר. אפשר וועט זיך אַלץ אומקערן צום גוטן און די גאַנצע ירידה וועט נאָך זיין צום פאַרשטאַרקן די עליה.

אין דעם מצב פון מיין פאָלק האָט זיך קיין סך נישט געענדערט. יעדעס מאָל גיט מען צו פרישע „מינים יידן" צו די אומגליקן. דהיינו, די רומענישע יידן זענען פריער פריי געווען פון די צרות, אָבער איצט זענען זיי אויך אין דער צאָל געראָדפטע. דורך דער דאָזיקער גזירה איז געכאַפּט געוואָרן אַ משפחה פון זעקס נפשות, וועלכע מיר קאָנען זייער זייער גוט. כמעט יעדן צווייטן טאָג איז מיין טאַטע צו זיי געקומען. ווען איך האָב געהערט די דאָזיקע שלעכטע ידיעה האָט זי אין אָנהויב געמאַכט אויף מיר אַ ביז גאָר שטאַרקן רושם און

איך האָב אינגאַנצן געציטערט. אָבער נאָך דעם ווי עס זענען אדורכגעגאַנגען עטלעכע שעה, איז אין מיר אַלץ אָפּגעשוואַכט געוואָרן. ווארעם באמת פון מיין שטאַנדפּונקט איז דאָך דאָס אַלץ פאַרשטענדלעך, ביז גאָר פאַרשטענד־לעך. פונדעסטוועגן, טראָץ דער גאַנצער שטאַרקייט פון מיין שטאַנדפּונקט באַרירן מיך די אומגליקן ביז מיין נשמה. אָבער פון דער אַנדערער זייט פיל איך, אַז די ישועה גייט און דערנענטערט זיך. איך פיל דאָס, צוזאַמען מיט דעם פיל איך, אַז אין דער צייט ווען אַלץ דערנענטערט זיך צו דער גאולה בין איך נאָך נישט גרייט און איך נידער נאָך מער אַראָפּ. אפשר וועט מיין ג־ט זיך דערבאַרעמען און וועט מיר העלפן. שיק־זשע ביטע אונדז און זיי זיך מרחם אויך אויף מיר, דיין געטרייען דינער!

## יום ב׳ דר״ח תמוז

און שוין ווידער צוויי וואָכן, אין וועלכע איך האָב נישט געשריבן קיין וואָרט אין מיין טאָג־בוך טראָץ מיינע צוזאָגן זיך אַליין דאָס לעצטע מאָל. און וואָס קאָן איך טאָן. שוין עטלעכע מאָל אין משך פון די דאָזיקע וואָכן האָב איך גענומען מיין טאָג־בוך אין האַנט, אָבער איך האָב אים נישט געעפנט, ווייל איך האָב נישט געהאַט גאָרנישט וואָס צו שרייבן. איך האָף נאָך פון טאָג צו טאָג און פון וואָך צו וואָך, טראָץ וואָס מיין האָפענונג האָט מיך אין אזויפיל מאָל אַנטוישט, האָב איך נישט אויפגעהערט צו האָפן, און איצט ווייס איך, אַז איך וועל קיינמאָל נישט אויפהערן צו האָפן, ווייל תיכף ווי איך וועל אויפהערן צו האָפן, וועל איך אויפהערן צו זיין. ווייל מיין גאַנץ זיין איז נאָר מיין האָפענונג. אָבער מיט דעם אַלעם האָב איך שוין מער גאָרנישט. וואָס האָב איך פון דעם, פון די דאָזיקע ווינט־האָפענונגען. וואָס וועלן זיי מיר ברענגען. איך ווייס נישט וואָס צו טאָן. אַלץ גייט און ווערט אויסגעליידיקט און אַלץ גייט און ווערט פאַרשווינדן.

פריער, ווען איך האָב גענומען אין האַנט אריין דעם תנ״ך און געלייענט אין אים, איז געווען אזוי ווי איך וואָלט צוריקבאַקומען מיין לעבן, עס איז געווען אזוי ווי גאָט וואָלט זיך דערבאַרעמט איבער מיר, און אפילו אין די סאַמע פינצטערסטע מינוטן האָב איך געפונען אין אים נחמה. אָבער הייַנט בין איך ווי געשטאָרבן. איך ווער נישט מיטגעריסן אפילו מיט דאָס מינדעסטע.

לייענענדיק אין תנ״ך האָב איך זיך געוואָנדן צו זאכן, וועגן וועלכע איך האָב קיינמאָל נישט געטראַכט, אַז איך וועל אין זיי געפינען אַ באַפרי־דיקונג פאַר מיין נשמה. אָבער טראָץ אַלע מיינע געדאַנקען האָב איך גע־פונען אין זיי מער טרייסט ווי איך האָב געקאָנט ווען עס איז האָפן. אזוי איז, למשל, מיט די מזמורים וואָס זענען פאַרפאַסט לויטן אלף־בית, אָדער מיט די, וואָס דער נאָמען פון דיכטער איז אריינגעחתמעט אין די אָנהויבן פון די פסוקים. פריער האָב איך זיי אַלע געמשפט מיטן זעלבן פסק. איך האָב גע־

זאָגט, אז דאָס איז אַן אַנשיקעניש פון די א סך אַנשיקענישן וואָס דער גלות האָט אונדז צוגעטשעפעט. אָבער איצט דורכן אויספּעלן עפּעס אנדערש האָב איך זיך געמוטשעט צו זיי ווענדן. און נון מוז איך ענדערן מיין מיינונג פון אלף ביז תיו. ווייל א סך האָבן געפונען און געפינען אזוי פיל חן אין מיינע אויגן, אז איך האָב זיי שוין א סך מאָל איבערגעחזרט, אז איינצלנע פון זיי קאָן איך פון אויסנווייניק. אזוי איז למשל מיטן ליד פון שלמה גבירול: „פאַרטאָג טו איך דיך זוכן". דאָס דאָזיקע ליד האָב איך שוין געזונגען אַן א שיעור מאָל און עס געפינט נאָך אין מיינע אויגן אזויפיל חן, ווי איך וואָלט עס געלייענט צום ערשטן מאָל. אָבער פון דעם אלעם האָב איך נאָך גאָרנישט, איך ווער נאָך מער אויסגעליידיקט און ווייס נישט וואָס וועט זיין אין מיר. דער מצב פון אונדזער פאָלק האָט זיך, לויט דעם ווי איך האָב געהערט, קיין סך נישט געענדערט אין די לעצטע טעג. דאָס כאַפּן יידן האַלט אַן, און פאַר א געוויסער צייט האָבן זיי אויך געמאכט אַן אָנפאַל אויף דער ביבליאָטעק, וואָס געפינט זיך ביי דער קהילה אין בריסל. אהין פלעגן קומען יעדן זונטיק יידן, וואָס אין די אנדערע טעג פון דער וואָך האָבן זיי זיך אויסבאהאלטן אין זייערע היימען, און איצט איז דאָס אויך פון זיי צוגעגזלט געוואָרן. אלזאָ, דער מצב פון אונדזער פאָלק האָט זיך קיין סך נישט געענדערט. דאָקעגן ווערט אונדזער כבוד, אויף וויפיל מיר האָבן אים נאָך געהאַט, וואָס אמאָל קלענער. אָבער ווער טראַכט נאָך היינט וועגן כבוד. וועגן אזעלכע זאַכן קאָן מען טראַכטן אין א צייט פון מנוחה און שלוה. היינט צו טאָג איז נאָר די פראַגע פון לעבן, ד. ה., אז פאַר די יידן, וואָס זענען נאָך ביז היינט נישט געכאַפּט געוואָרן, עקזיסטירט נאָך די פראַגע ווי אזוי זיך אָפּצוהיטן פון די דייטשן נישט ארייַנצופאַלן אין זייערע הענט. אזוי, אזוי איז דער מצב.

דער אלגעמיינער צושטאַנד האָט זיך אויך קיין סך נישט געענדערט. מען רעדט און מען רעדט אַן אויפהער וועגן א דעסאַנט סיי אין פראַנקרייך, סיי אין דרום־אייראָפּע, למשל אין גריכנלאַנד אָדער איטאַליע. אָבער ביז איצט איז נאָך גאָרנישט דערפון ארויס און לויט ווי מיר ווייזט זיך אויס וועט דערפון גאָרנישט זיין אויך אין די קומענדיקע וואָכן. אָבער, פאַרשטענדלעך, די יידן הערן נישט אויף צו האָפן אויף דעם דעסאַנט, וואָס דאַרף נאָך קומען. ענגלאַנד און אמעריקע גייען אַן מיטן ווארפן באָמבעס אויף די דייטשע שטעט. אָבער, לויט מיין מיינונג, וועט מען גאָרנישט דערגרייכן מיט די דאָזיקע באָמבאַרדירונגען און זייער זכות ווערט דורך דעם וואָס אמאָל קלענער און ווייניקער, אויף וויפיל זיי האָבן אים נאָך געהאַט ביז איצט. ווייל טראָץ דעם וואָס זיי באָמבאַרדירן נאָר די דייטשן, פאַרקלענערט דאָס אויף קיין האָר נישט זייער זינד. אפשר דורך דעם, היינו דורך דעם, וואָס עס וועט זיך אויסלאָזן דער זכות פון די קאָאַליציע לענדער, וועט זיך דערנענטערן אונדזער גאולה, אפשר?

**י״א תמוז**

אין די לעצטע טעג, אָבער ריכטיקער אין די לעצטע וואָכן, האָב איך אָפּט זיך געזען מיט א יינגל פון דער שולע, אין וועלכער איך לערן זיך שרייבן אויף א מאשין און נאָך אַנדערע זאכן. און דורך מיין טרעפן זיך מיט אים האָב איך זיך אויך געזען מיט זיינע חברים און דער עיקר מיט זיינע חברטעס. נישט געקוקט אויף דעם, וואָס די דאָזיקע גאנצע צייט, דאָס הייסט די גאנצע צייט ווען איך האָב אונטערגעהאלטן מיט זיי באציאונגען, האָב איך זיך געפילט פרעמד צו זיי, צו זייער גייסט און צו זייערע געדאנקען און זייער לעבנס־שטייגער, און טראָץ דעם וואָס איך האָב געפילט דאָס ליידיקייט פון זייער לעבן, האָב איך זיך נישט געקאָנט מיט זיי צעשיידן. פארקערט, זייער צוציאונגס־קראפט איז וואָס אמאָל שטאַרקער געוואָרן און עס איז מיר כמעט נישט מעגלעך געווען אָפּצושיידן זיך פון זיי א גאנצן טאָג, אז איך זאָל זיך כאָטש איינמאָל מיט זיי נישט טרעפן. אָבער היינט איז מיר קלאָר געוואָרן אויף אזא איבערצייגנדיקן אופן די ליידיקייט פון זייער עקזיסטענץ און דאָס אויספעלן פון יעדן תוכן, אפילו דעם מינדעסטן און קלענסטן, ביז איך האָב באשלאָסן אויסצומיידן פון היינט אָן און ווייטער זייער געזעלשאפט אויף וויפל דאָס וועט מעגלעך זיין.

אין צווישנצייט זענען געשען ענדערונגען אין דער וועלט, וואָס זייער באדייטונג קאָן זיין א דעצידירנדיקע אין דער מלחמה. אין רוסלאנד האָבן די דייטשן אָנגעהויבן מיט א גרויסער אטאקע קעגן די רוסן, און עטלעכע טעג נאָך דעם אָנגריף האָבן די ענגלענדער און די אמעריקאנער מיט דער הילף פון מיליטער און אלע פארבינדעטע פעלקער געמאכט אַן אינוואזיע אין סיציליע. דער עיקר איז וויכטיק ביז גאָר די צווייטע געשעעניש. וועט געלינגען די ענגלענדער און זייערע פארבינדעטע איינצונעמען סיציליע, דעמאָלט זעט אויס וועט די מלחמה זיך לאנג נישט פאַרציען און וועט זיך ענדיקן מיט זייער נצחון.

אזוי איז דער מיליטערישער מצב היינט צו טאָג. מיין מיינונג וועגן דער אריינגעטרעטן האָב איך זי נישט געענדערט.

כ׳בין איצט מער איבערצייגט, אַז די מלחמה וועט זיך נישט ענדיקן ווי פיל מענטשן רעדן זיך איין און וואָס איצט זעט עס אויס צו זיין אַזוי מעגלעך. איך בין איבערצייגט אין דעם נישט צוליב אָנזעבארע סיבות, למשל, פון מיליטערישן מצב אָדער ענלעכע ענינים, נאָר איך בין איבערצייגט אין דעם, ווייל איך פיל אין זיך, אז עס איז נישט מעגלעך אזא זאַך, אז אלע אונדזערעליידן, וועלכע מיר ליידן און וועלכע מיר וועלן נאָך ליידן — זאָלן זיין בחינם, און דאָס אלץ וואָס איז אריבער איבער אונדז און וועט נאָך אריבער איבער אונדז זאָל זיין נישט מער ווי א צוגרייטונג צו נאָך גרעסערע און נאָך פאַרכטיקערע אומגליקן, אזעלכע וועלכע זענען נאָך נישט געווען זייט מיר

זענען געוואָרן א פאָלק. פארשטייט זיך, אז עס קאָן אויסזען, אז דאָס דאָזיקע „געפיל" איז נישט אזוי דעצידירנדיק, און עס קאָן גאָר זיין, אז טראָץ דעם געפיל מיינעם וועט דער מצב זיין אינגאנצן אַן אנדערער ווי איך טראַכט. אָבער פאר מיר איז נישט פאראן קיין מער איבערצייגנדיקע און פעסטע זאַך ווי דאָס, וואָס איך פיל אין זיך. און די קומענדיקע טעג וועלן אויסווייזן, צי דאָס אלץ וואָס איך האָב געטראכט ביז איצט, דאָס אלץ וואָס איז צייטיק געוואָרן אין מיר און וואָס איז איצט מיין פעסטער און שטאַרקער געדאנק, דאָס הייסט, דאָס פון וואָס עס באשטייט מיין גאנץ וועזן, מיין גייסטיקער קערן, אויב דאָס אלץ זאָל ווערן צו גאָרנישט, אָדער דאָס אלץ וועט זיין אמת און ריכטיק — און דאַן וועט דאָס זיין מיר דער שטאַרקסטער באַווייז פאר דעם לעבנס־ציל וועלכן איך האָב זיך געשטעלט. נישט פאַר זיך בעט איך ביי מיין ג־ט, אז אלץ זאָל זיין אזוי ווי איך האָב געטראכט און אלץ זאָל געשען ווי עס איז שוין געשילדערט געוואָרן, נאָר אויסשליסלעך פאר דעם ווייל פון מיין באליבט פאָלק, נאָר פאר זיין גליק, און עס זאָל שוין קומען א סוף צו אונדזער צוויי טויזנט־יאָריקן גלות.

## ט"ו תמוז תש"ג

יאָ, איך פריי זיך. איך וויל נישט און קאָן נישט פארלייקענען; אָבער אויב דו ווערסט פרעגן וואָס פארא שמחה איז עס, וואָס איז דער באדייט פון דער שמחה מיט וועלכער איך פריי זיך איצט, דאַן וועל איך דיר קאָנען זאָגן, אז איך פריי זיך מיט אזא שמחה, וואָס זי קאָן נאָך מער אונטערשטרייכן דעם ווייטיק, בולטער מאכן דאָס אומגליק, פאַרטיפן און באנייען די ווונד, וועלכע הערט נישט אויף צו טריפן מיט בלוט. יאָ, די דאָזיקע פרייד איז פון דעם מין ווי די איינצלנע טראָפּנס וואסער, וואָס זיי פארשטאַרקן נאָר דעם דורשט, זיי האלטן נאָר אונטער דעם דורשט. אזא איז זי די שמחה. ווארעם ווי אזוי קאָן איך אריבערגיין איבער די צרות פון מיין פאָלק, ווי אזוי קאָן איך זיך אַרויסדרייען פון זיין קלאָג וואָס איז שוין מיין קלאָג. אין סאַמע מיטן פון דער „שמחה", אין איר סאמע זעניט האָב איך נאָך שטאַרקער און נאָך פעס־טער געפילט דאָס אומגליק פון מיין פאָלק, פון מיין ליב און באליבט אויף מיר פאָלק, מיין טייער פאָלק.

היינט האָב איך געהאַט דעם עקזאַמען פון סטענאָגראַפיע. מיט ג־טס הילף האָב איך אים אויסגעהאלטן. דער עקזאמען איז פאָרגעקומען אינדער־פרי. און נאָך מיטאָג האָבן מיר באדארפן זיך אומקערן צו באקומען די צייגע־נישן. איידער מען האָט אונדז זיי געגעבן איז צוגעגאנגען א יינגל צו דער פיאנינאָ און נאָך דעם ווי ער האָט געשפילט עפעס א מעלאָדיע, זענען אלע מענטשן, וואָס זענען אָנוועזנד געווען, אויפגעשטאַנען פון זייערע ערטער און זיי האָבן אָפּגעגעבן כבוד דעם געזאנג פון זייער פאָלק. אויך איך האָב זיך

אויפגעשטעלט, נישט געוואָלט זיך ארויסנעמען פון כלל, און שטייענדיק אזוי האָב איך געפילט אין מיין הארץ ווי א שניט פון א שווערד, מיין הארץ האָט זיך איינגעקאַרטשעט פון ווייטיק. אין דער דאָזיקער רגע האָב איך געפילט דעם ווייטיק — פון מיין פאָלק. איך האָב געזען אַ פרישע זייט פון אונדזער פאָלקס אומגליק, א זייט וועלכע איך האָב נאָך ביז איצט נישט געזען מיט אזא קלאָרקייט. מיר גייט דאָ אין דעם כבוד, אין דעם כבוד פון אונדזער פאָלק.

דאָ זענען געווען פאר מיר קינדער פון אַ פאָלק, וואָס ביי אים איז דער גייסט פון אָרדענונג, דער גייסט פון רעזשים נישט פון די גרעסטע און פון די אמ־מייסטן אנטוויקלטע. און פונדעסטוועגן הערנדיק געוויסע מעלאָדיעס פון זייער פאָלקס־מוזיק זענען זיי אויפגעשטאַנען ווי איין מענטש און אָפּגעגעבן כבוד. און דעמאָלט איז געקומען מיר אויפן געדאנק דער כבוד פון אונדזער פאָלק, אונדזער כבוד, וואָס גייט און ווערט מער פארשוועכט פון טאָג צו טאָג. מיט אלע מינים מעגלעכקייטן יאָגט מען זיך נאָך אים, מען באמיט זיך אים צו דערצערנען און פארמינערן ווי ווייט דאָס איז מעגלעך.

אין מיין דאווענען, און דער עיקר אין דאווענען שמונה עשרה, האָב איך עטלעכע מאָל באדארפן ענדערן דעם ענין „ברכה", דעם ענין תחינה און זיי צופאסן ווי ווייט מעגלעך מיט דער גרויס פון אונדזערע אומגליקן און זייער פאַרכטיקייט. און צווישן זיי האָב איך אויך געענדערט די ברכה „ראה בעני־נו" און איך האָב צוגעגעבן צו איר א תפילה, אז גאָט זאָל זען אונדזער שאַנדע, אז ער זאָל חס זיין אויף אונדזער כבוד, וואָס דאָס איז אויך זיין כבוד. דורך דעם באמי איך זיך אויסצודריקן מיין ווייטיק, וואָס ברענט אין מיר, אָבער ווי מיר שיינט וועט דאָס נישט סטייען. תחינות און געבעטן קאָ־נען נישט צוריקגעבן אונדז אונדזער כבוד, וועלכער איז פארשוועכט געוואָרן אזוי פיל מאָל און ביי אזוי פיל געלעגנהייטן. דאָ קאָנען נאָר מעשים עפּעס אויפטון. זיי חס ג־ט אויף דיין כבוד און דערבארעם זיך איבער דיין פאָלק.

## כ׳ תמוז תש״ג

די פארגאנגענע וואָך איז קיין סך נישט געשען. עס איז נישט פארביי קיין שום זאך, וואָס דורך איר זאָל מיין נשמה, וואָס הערט נישט אויף אראָפּ־צונידערן נידעריקער און נידעריקער, זיך אביסל אויפהייבן. איך פיל, אז מיין ליידיקייט הערט נישט אויף צו ווירקן, און ווי מיר שיינט האָב איך שוין געפונען די סיבה דערפון, דאָס הייסט, איך האָב איינגעפונען, אז איך בין כלל וכלל אָן אַן אינהאלט. יאָ, איך האָב מיר א ציל וועגן וועלכן איך האָב שוין נישט איינמאָל גערעדט און געשריבן וועגן אים. אָבער צווישן ציל און אינהאלט איז נאָך פאראן א גרויסער חילוק און א גרויסער מרחק. ווייל דאָס שטעלן זיך א ציל ווערט נאָר איינמאָל געטאָן, אָבער דער וועג צום ציל, דאָס הייסט — דער אינהאלט, דארף אייביק בלייבן. און בכדי דער אינהאלט זאָל

בלייבן דארף זיין די מעגלעכקייט, אפילו די קלענסטע, וואָס זאָל קאָנען פירן צום ציל. און איך האָב אינגאַנצן נישט אזא מעגלעכקייט. וואָס וואָלט איך געקאָנט טאָן בכדי זיך צוגרייטן צום ציל, וועלכן איך האָב זיך גע־שטעלט. יאָ, איך האָב שוין געשריבן עטלעכע מאָל וועגן זאכן, וואָס מען קאָן טאָן צו דעם, אָבער ביז איצט איז אפילו קיין איינע פון די זאכן נישט באַ־גנוגנט געוואָרן. און וואָס עס איז נאָך שווערער און הארבער פאַר מיר איז דאָס, וואָס איך פיל, אז מיט יעדן טאָג און טאָג גייט און דערנענטערט זיך די אנטשיידונג און איך בין נאָך נישט גרייט. פאַר וואָס איך האָב אזא געפיל קאָן איך נישט גענוי באַשטימען. דער מיליטערישער צושטאַנד פון דייטשלאנד און אירע פאַרבינדעטע האָט זיך, וואָס אַן אמת פאַרערגערט, אָבער ביז איצט זעט זיך מיר נישט אויס, אז זי זאָל זיך שוין געפינען ביי דער פאַרלענדונג פון אירע כוחות. ניין, ניין און ניין. אָבער וואָס קאָן איך זאָגן אָדער טראַכטן ווען איך בין ליידיק. איך האָב נישט קיין רעכט צו רעדן וועגן די דאָזיקע זאכן. אין מיין איצטיקן מצב פיל איך זיך ווי עמעצער וואָס האָט פאַרלוירן אַלע רעכט. לאָמיר האָפן, אז אינגיכן וועט זיך דער דאָזיקער מצב ענדערן.

איך האָב שוין דאָ אמאָל געשריבן וועגן א קריסטלעך יינגל מיט וועמען איך האָב זיך באַקאַנט אין דער שולע. וועלכע איך האָב באַזוכט ביז מיט א וואָך צוריק. מיר האָבן זיך געחברט, ווי מיר שיינט, צווייַ חדשים. דאָס דאָ־זיקע יינגל האָט געמאכט אויף מיר א גאָר שטאַרקן רושם. איך ווייס נישט גענוי דורך וואָס ער האָט געמאכט אויף מיר אזא רושם, אפשר דורך זיין רעכטפאַרטיק האַרץ, אָדער דורך זיין ביז גאָר גוט האַרץ. יעדנפאַלס ווייס איך, אז דער רושם וואָס ער האָט אויף מיר געמאכט וועט אזוי גיך נישט אָפּגעמעקט ווערן. דאָס דאָזיקע יינגל איז די וואָך געפאָרן קיין ענגלאנד.

אזוי האָט ער מיר יעדנפאַלס געזאָגט, און נאָך צוגעגעבן, אז ער גייט אהין מיט דער הילף פון מענטשן, וואָס געפינען זיך אין בעלגיע. צוליב זיין אוועק־פאָרן האָב איך זיך מיט אים געזעגנט. דאָס געזעגענען האָט געמאכט אויף מיר אַן איינדרוק וואָס איז אריינגעדרונגען ביז אין דער סאמער טיף פון מיין האַרץ. אין דער צייט פון געזעגענען איז מיר אויפגעקומען א געדאנק אין קאָפּ: אפשר וועל איך אויך אהין פאָרן. אָבער אין דער זעלבער רגע האָב איך אָפּגעשטויסן דעם דאָזיקן געדאַנק. ניין, פון מיין פאָלק וועל איך זיך נישט צעשיידן. די איינציקע זאַך וואָס איך האָב נאָך, היינו, אז איך בין מיט מיין פאָלק אין אומגליק, דאָס וועל איך נישט אָפּטאָן פון זיך.

אין איינעם פון די לעצטע טעג האָט מיך געפרעגט א יינגל, א זון פון די מענטשן וואָס איך בין ביי זיי געשלאָפן די ערשטע וואכן נאָך מיין קומען קיין בריסל, א חוץ די ערשטע נאכט, צי איך וויל פאַרברענגען די פעריען־צייט צוזאמען מיט אים אין די אַרדענען. איך האָב אָפּגעשטויסן דעם פאָר־שלאָג מיט מיינע ביידע הענט, און מיט דעם דאָזיקן באַשלוסן האָב איך זיך

אליין געפרייט ווען איך האָב וועגן דעם געטראַכט זייענדיק אין דער היים. יאָ, דער דאָזיקער באשלוס, וואָס איז פאַר מיר דער אויסדרוק פון מיין פאַר־בינדונג מיט מיין פאָלק איז די איינציקע האָפענונג און דער איינציקער בטחון וואָס איך האָב נאָך. אפשר וועט נאָך עפּעס זיין פון מיר. אפשר? און דו, ג־ט, גיב, איך בעט דיך, איינהאַלט פאַר דיין קנעכט! גיב, ביטע!

## זונטיק נאָך שבת חזון

דעם פאַרגאַנגענעם פרייטיק האָב איך זיך צעשיידט מיט מיין פריינט, מיט וועלכן איך האָב זיך דאָ באַקענט און זיך געחברט מיט אים דאָ אין בריסל אין משך בערך זעקס חדשים. דאָס דאָזיקע יינגל האָט געמאַכט אויף מיר אַ רושם דורך זיין גרויס, גוט הארץ. שטייענדיק אַזוי נעבן אים און מיין האַנט אַריינגעטאָן אין זיין האַנט, האָב איך זיך געטראַכט, אַז דעם דאָזיקן מאָמענט וועל איך זיך באַשטימען ווי אַן אָנהויב פון אַן אַנדער לעבן, אָנצוהויבן אַ לעבן, וואָס זאָל זיין געהייליקט מיין פאָלק. וואָס אַן אמת ווייס איך, אַז אין אָנהויב וועל איך נישט קאָנען דאָס אויסדריקן מיט פאָזיטיווע מעשים, אָבער איך האָב גערעכנט, אַז אויך דורך זאַכן, וואָס איך וועל זיי נישט טאָן וועל איך קאָנען זען דעם אָנהויב פון מיין ציל, ווייל פון דעם קאָנען אַרויסקומען און זיך אַנטוויקלען פּאָזיטיווע זאַכן.

שטייענדיק אַזוי ביי דער בריסעלער צפון־סטאַציע, האָב איך געטראַכט ווייטער: ווען איך וואָלט אים איצט געזאָגט, אַז איך בין אַ ייד — אַ זאַך, וועלכע איך האָב אים נישט געזאָגט אין משך פון דער גאַנצער צייט ווען מיר האָבן זיך געחברט — דאַן וועט עס זיין לכל הפחות פון זיין זייט, נעמענדיק אין באַטראַכט די געשעענישן פון אונדזערע טעג, אַ גענאַד ווען ער וועט ווייטער אָנהאַלטן זיין פריינטשאַפט מיט מיר. און אָט האָט פּלוצים אַ לייכט געטאָן אין מיין מוח: דאָ האָסטו דאָך פאַר זיך די פאַרווירקלעכונג פון אַלע דיינע שטרעבונגען, די פאַרווירקלעכונג פון דעם ציל, וואָס דו האָסט אים זיך געשטעלט. יאָ, אַלץ וואָס איך וועל טאָן, היינו, אַלץ וואָס איך האָף צו טאָן מיט ג־טס הילף פאַר מיין פאָלק, וועט פאַרווירקלעכט ווערן אין דעם, אַז ווען מיר וועלן זיך זען, נאָכדעם ווען ער וועט צוריקקומען, וועט שוין נישט זיין קיין גענאַד פון זיין זייט דאָס אָנהאַלטן אונדזער פריינטשאַפט. נאָר אָדער עס וועט בכלל נישט זיין קיין פראַגע פון גענאַד, ד. ה., אַז אונדזער פאָלק וועט זיין צוריק אַ פאָלק אין פולן זינען פון דעם וואָרט און מיט זיין גאַנצן כבוד, אָדער (און אויב אונדזער ג־ט וועט זיך דערבאַרעמען וועט עס זיכער אַזוי זיין) מיר וועלן זיין גאָר הויך און די טובה וועט זיין פון מיין זייט, אויב איך וועל אָנגיין מיט אונדזער פריינטשאַפט.

## תשעה באב תש״ג

היינט זענען פאריבער צוויי טויזנט פינף הונדערט און ניין און צוואנציק יאָר פון דעם טאָג ווען עס איז חרוב געוואָרן דאָס בית המקדש. אין דעם טאָג פון דעם חורבן געדענקען מיר די אלע פון אונדזער פאָלק, וואָס זענען געפאַלן און געהרגעט אויף קדוש העם און קדוש השם. פון די באשיצער פון די ירושלימער טויערן ביז די געפאלענע פון געסטאפאָ געדענקען מיר היינט.

אין דעם טאָג גייען ארויס אונדזערע געדאנקען צו אלע קינדער פון אונדזער פאָלק ווו נאָר זיי געפינען זיך. און דער עיקר גייען ארויס אונדזערע געדאנקען צו דעם טייל פון אונדזער טייער פאָלק, וואָס טראָגט ביים היינטיקן טאָג דעם גרויסן טייל פון דעם יאָך פון גלות. דעם יאָך, וואָס מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט מען אים געהאלטן פאר גאָרנישט, און וועלכער איז שוין נישט געוועזן דער יאָך, וואָס מיר האָבן געטראָגן אין משך פון דורות, און דאָס דערפאר ווייל מיר האָבן באקומען מכלומרשט גלייכבארעכטיקונג, און דערפאר האָבן מיר אים פארגעסן און גערעכנט פאר גאָרנישט.

דער עול איז צו אונדז צוריקגעקומען מיט מער אכזריות און מיט מער תקיפות. היינט צו טאָג טראָגט אים דער גרעסטער חלק פון אונדזער ליב פאָלק. דער טייל פון אונדזער פאָלק, וואָס מיט עטלעכע יאָר צוריק איז ער געזעסן אָן מורא אין די שטעט פון זייער גלות. זיי זענען פארטריבן געוואָרן איין פארטרייבונג נאָך דער צווייטער און אונדזער ג־ט ווייסט ווו זיי זענען איצט. אפשר ארבעטן זיי איצט אין די קוילן־גרובן פון שלעזיען, אפשר אויף די פעלדער פון רוסלאנד טראָגן זיי דעם עול פון פאַרקנעכטונג. ווער ווייסט, ווער וועט אונדז דאָס זאָגן? אין דעם דאזיקן תשעה באב, אין דער צייט פון אומגליק, וואָס זיינס גלייכן איז גאָרנישט דאָ, פאראייניקן מיר זיך מיט אלע קינדער פון אונדזער פאָלק, מיר פאראייניקן זיך אין אונדזער אומגליק און אין אונדזערע ווייען.

אין דעם תשעה באב פון יאָר תש״ג וועלן אונדזערע אויגן אָנגעפילט ווערן מיט טרערן און אונדזערע קעפּ וועלן מיר נישט ווארפן צו דער ערד.

אונדזערע אומגליקן און אונדזערע באַדרענגונגען זיי וועלן קומען פארן שטול פון אונדזער ג־ט, ווי א באווייז פאר דעם ליידן פון זיין פאָלק.

אין דעם טאָג פון געדעכעניש וועלן מיר אויפהייבן אונדזערע קעפּ און שטאָלץ מאַכן אונדזער האלטונג, ווייל מיר ווייסן מיט אַן אבסאָלוט וויסן, אז אונדזער פארגאָסן בלוט, דאָס בלוט פון די קינדער פון אונדזער פאָלק, וואָס ווערט פארגאָסן ווי וואסער וועט נישט בלייבן אָן נקמה, און געפאָדערט וועט עס געפאָדערט ווערן.

אין תשעה באב תש״ג איז אונדזער איינציק געבעט, וואָס מיר לאָזן פאלן פאר אונדזער ג־ט, אַז די גרויס פון זיין רחמנות זאָל זיין גלייך צו דער גרויס פון די צרות, וואָס זענען אריבער איבער אונדז און וואָס גייען איבער היינט

צו טאָג אויף אונדזער אומגליקלעך פאָלק.

אין איינעם פון די לידער, פון די גלות קלאַנג־לידער, וואָס אַזעלכע האָבן מיר אין די טויזנטער און וואָס יעדער איינער פון זיי איז אַן עקספּאָנענט צו אונדזער גאַנצן גלות און דינט ווי אַ באַווייז, אַז אונדזערע אומגליקן זענען גלייך צו זיך און קומען פון איין מקור, האָב איך געפונען די פאָלגנדיקע שורות, זאָל זיי זשע הערן אונדזער ג־ט, דער ג־ט פון ישראל, און זאָל זיך דערבאַרעמען אויף זיין געפּייניקט און דערדריקט פאָלק.

| | |
|---|---|
| די טויערן פּאַרטרונקענע | שערים הטבועים |
| שטעל צוריק אויף זייער באַרג. | הקם על תלם. |
| אויף זייער פּלאַץ טו גרונטפעסטיקן | תיסד על מכונו |
| היכל און זאַל, | היכל ואולם |
| באַווייזנדיק פאַרכטיקייטן | בעשותך נוראות |
| וועט צו דיר האָפן דאָס וועלט־פאָלק, | יקווה עם עולם |
| ווי דאַן ווען זיי זענען | מוראך נצח יעריצו |
| געוואָרן אויסגעלייזט. | כאז בהיגאלם. |

דאָס איז דער העברעאישער טעקסט אַזוי ווי ער ווערט געבראַכט אין „הנער משה״.

## ט״ו אב תשכ״ג

דעם פאַרגאַנגענעם פרייטיק בין איך געזעסן אין אַ שענק און געלייענט אַ צייטונג. די צייטונג האָט אַ סך געשריבן וועגן דער גרויסער אָפענסיווע פון די רוסן. אַריינקוקנדיק אַזוי אין דער צייטונג איז פּלוצים געוואָרן אַזוי ווי די אויגן מיינע וואָלטן זיך געעפנט. ביז דאַן, לייענענדיק שטענדיק וועגן דער אָפענסיווע פון די רוסן האָב איך זיך געטראַכט אין הארץ, אַז די אָפענסיווע וועט זיך ענדיקן אַזוי ווי די אַלע, וואָס זענען געווען ביז דאַן, וואָס די מערסטע פון זיי האָבן נישט געגעבן קיין שום רעזולטאַט. ווי באַוווּסט, האָבן די ענגלענדער און די אַמעריקאַנער געמאַכט מיט אַ קורצער צייט צוריק אַן אינוואַזיע אין סיציליע. און אָט האָב איך געזען און עס איז מיר איצט קלאָר געוואָרן די פאַרבינדונג צווישן דער אָפענסיווע פון די רוסן און דער ענגלאָ־אַמעריקאַנישער אינוואַזיע. ביז איצט האָב איך געטראַכט, אַז די מלחמה איז דער עיקר דאָס געוויכט פון די כוחות. ווען די רוסישע, למשל, כוחות זענען אין אַ געוויסן מאָמענט גרעסער פון די דייטשע, דעמאָלט הייבט רוסלאַנד אָן אַן אָפענסיווע קעגן דייטשלאַנד און באַזיגט זי. אָבער איצט האָב איך געזען פאַרקערט, אַז עס איז מעגלעך זיי זאָלן זיך דווקא צוריקציען רעכענענדיק זיך מיט פּאָליטישע פאַקטאָרן, וועגן וועלכע איך האָב געמיינט ביז איצט, אַז זיי קומען נישט אין באַטראַכט ווען עס גייט אין מיליטערישע ענינים.

ווי באַוווּסט, האָבן די רוסן אָנגעהויבן זייער גרויסע אָפענסיווע, — און ווי מיר זעט זיך אויס איז עס די גרעסטע זייט דעם אָנהויב פון דער מלחמה — איידער עס האָבן אָנגעהויבן די ענגלענדער און אַמעריקאַנער זייער אָפענסיווע. און ווי עס זעט אויס וויל נישט רוסלאַנד דערמיט פאַרבלענדן די אויגן פון אירע „פאַרבינדעטע", און זי, די אָפענסיווע, איז אויך נישט קיין פּרופּס פון אַנדערע פּאָליטישע פאַקטאָרן. נאָר עס זעט אויס, אַז איצט רעכנט די רוסישע רעגירונג, אַז עס איז געקומען דער ריכטיקער מאָמענט אָנצוהויבן אַן אַלגעמיינע אָפענסיווע אויפן דייטשן פראָנט און דורך דעם אויף גאַנץ אייראָפּע. און זי גרייט זיך אין דער אמתן אַריינצורייסן זיך אין סאַמע מיטן פון אייראָפּע. דאָס האָט זי באַוויזן פאַר א קורצער צייט טועינדיק צו וויסן, אַז אין מאָסקווע איז געגרינדעט געוואָרן א דייטשע פאָלקס־רעגירונג, דאָס הייסט א דייטשע קאָמוניסטישע רעגירונג.

און א באַווייז פאַר דעם געבראַכטן איז דאָס, אַז נאָר איצט האָבן די ענגלענדער און אַמעריקאַנער אָנגעהויבן זייער גרויסע אָפענסיווע קעגן דער אַקס. און איצט באַמיען זיי זיך באמת מיט אַלע זייערע כוחות אַליין אַריינצודרינגען אין די לענדער פון איטאַליע און דייטשלאַנד און דורך דעם פאָרויסלויפן די רוסן.

זעענדיק דאָס, איז פאַר מיר קלאָר, אַז דייטשלאַנד, וואָס קעמפט איצט קעגן רוסלאַנד, קעמפט זי אין אַ גרויסער מאָס נאָר און אויסשליסלעך פאַר די ענגליש־אַמעריקאַנער אינטערעסן, מיט וועלכע זי איז אין דערווירקלעכקייט אַ סך נאָענטער ווי מיט רוסלאַנד.

און פאַרגלייכנדיק צו דעם אַלעם אונדזערע נאַציאָנאַלע שטרעבונגען — היינו, אונדזער שטרעבונג צוריקצוקערן זיך צום לאַנד פון אונדזערע אבות, צום לאַנד צו וועלכן מיר בענקען אַזוי און וועלכעס מיר האָבן אַזוי ליב, און וועלכעס איז אין אונדזערע אויגן נאָך אַ סך מער טייער געוואָרן צוליב אונדזער איצטיקן גלות אין וועלכן מיר זענען פאַרטריבן געוואָרן פון א סך ערטער פון אונדזער פאַרטרייבונג — שטיי איך אַ פאַרוווּנדערטער פון דעם אַלעם. איך זע אַרום און אַרום נאָר ריזן און גרויסע ריזן און אַנטקעגן זיי זענען מיר ווי ליליפּוטן מיט אונדזערע געהויבענע שטרעבונגען, וואָס זענען אונדז אַזוי טייער, אָבער אין די ראַמען פון דער גרויסער און ברייטער פּאָליטיק זענען זיי אַזוי קליין. און דאָ טראַכט איך זיך אין הארץ און וואָס וועט זיין אין דער ווירקלעכקייט אויב מיר וועלן אָנגעשלאָסן ווערן צו רוסלאַנד. וואָס וועט זיין ווען מיר וועלן אויסקלייבן רוסלאַנד און מיר וועלן אָנגעשלאָסן ווערן אויף איר זייט? אָבער דאָ דערמאָן איך זיך אין אונדזער גלות. און איך דערמאָן זיך אין זיין מקור. איך דערמאָן זיך אין אונדזערע ווייטיקן, אין אונדזערע אומגליקן, וואָס האָבן קיין גרענעץ נישט, און זע פאַר זיך די שפּאַנונגס־ליניע וואָס גייט פון חורבן פון אונדזער בית־המקדש און ביז היינט, איך זע די

טייכן בלוט, וואָס זענען פאַרגאָסן געוואָרן פאַר קידוש פון אונדזער אמונה אין אונדזער פאָלק. איך דערמאָן זיך אין די אַלע אומגליקן אין די שטומע ווייטיקן, וועלכע מען קאָן נישט תופס זיין מיט סטאַטיסטיקעס און מען קאָן זיי נישט באַצייכענען מיט צאָלן און וואָס קריצן זיך נאָר אריין אין די פּנימער און הערצער פון די טייערע און ליבע קינדער פון אונדזער פאָלק. דעמאָלט ווער איך זיכער ביי זיך און ווער געשטאַרקט אין זיך. און מיט פולשטענדי־קער זיכערקייט ווייס איך, אַז נישט די פּאָליטיק פון רוסלאַנד וועט זיגן און נישט די קרומע וועגן פון די ענגלענדער און אַמעריקאַנער וועלן זיי פירן צו זייער געגאַרטן ציל.

זייערע אַלע קליינלעכע און נישטיקע רייד וועלן אָוועקגעשליידערט ווערן ווי זיי וואָלטן נישט געווען. און אונדזער ווייטיק און אונדזער בלוט און אונדזערע אומגליקן וועלן רעדן פאַר אונדז און זיי וועלן באַשטעטיקן אונדזער רעכט צו אַ נאַציאָנאַלער צוקונפט אין אַלע אירע פּרטים.

און אַרויפנעמענדיק די אַלע זאַכן אויף מיין געדאַנק ווער איך נאָך אַמאָל איבערצייגט, אַז די נצחונות פון די ענגלענדער און פון די אַמעריקאַנער אָדער פון די רוסן זענען נישט מיינע נצחונות און זייער שמחה איז נישט אונדזער שמחה. און דעריבער קאָן איך נישט, און מיר טאָרן נישט, טראָץ אַלע גרויסע און מוראדיקע אומגליקן וואָס וואַקסן פון טאָג צו טאָג — האָפן און בעטן אויף א נצחון פון איינעם פון די דאָזיקע גזלנים און רויבער.

אין מיין דאַווענען, און דער עיקר אין מיין דאַווענען די שמונה־עשרה, שטרייך איך דער עיקר אונטער די ערטער אין וועלכע איך בין מתפּלל אויף אַקטועלע טאָג־טעגלעכע זאַכן. אַזוי, למשל, האָב איך געבעטן און איך בעט נאָך שטענדיק מיט א סך א גרעסערע אונטערשטרייכונג און מיט א סך מער כוונה די ברכות „זע ביטע אונדז אין אונדזער פּיין" („ראה נא בעניינו") און „הייל אונדז און מיר וועלן געהיילט ווערן" („רפאנו ונרפא"). דורך דעם איז מיין תפילה געוואָרן ווי א מין שפּיגל צו אַקטועלע טאָג־געשעע־נישן. אין שייכות מיט דעם אַלעם וואָס איך האָב אויבן געשריבן בעט איך היינט מיט מער קראַפט און מיט מער תקיפות ביי אונדזער ג־ט, דעם ג־ט פון ישראל, אַז ער זאָל אַרויפטאָן אויף אונדז זיין פרידן און ער זאָל אונדז אויסלייזן:

זאָל־זשע, ביטע, זיין באַוויליקט אין דיינע אויגן ג־ט, אונדזער ג־ט, צו בענטשן דיין פאָלק ישראל אין יעדער צייט און אין יעדער שעה מיט דיין פרידן.

## עש״ק, ג׳ אלול תש״ג

ווידער איז אַדורך נישט קיין קורצע צייט פון דעם לעצטן מאָל זייט איך האָב פאַרצייכנט אין מיין טאָג־בוך די געשעענישן, וואָס האָבן געטראָפן

אין מיר און אין דער וועלט. עס זענען אַדורך אַן ערך צוויי וואָכן פון דעם דאָזיקן מאָל. אָבער איך לייג דערויף כלל וכלל נישט קיין אַכט. פּאַרקערט, ווייל פון א געוויסער צייט איז דער דאָזיקער טאָג־בוך געוואָרן ווי א מין שפּיגל פון מיינע געדאַנקען און דער עיקר פון מיין גייסטיקן לעבן. און דעמאָלט ווען איך טראַכט נישט מער ווי געוויינלעך, ווען מיין גייסטיק לעבן איז נישט טעטיק מער ווי אַלע אַנדערע מאָל, קאָן איך נישט און וויל נישט שרייבן אין מיין טאָג־בוך און דורך דעם פאַרשוועכן זיין הייליקייט, וועלכע ער האָט באַקומען פון דעם וואָס איך האָב ביז איצט געשריבן.

פון מיין לעצטער פאַרצייכענונג דאָ זענען פאָרגעקומען ביז גאָר גרויסע ענדערונגען אין דער וועלט־געשיכטע, און אויך אין דער געשיכטע פון אונדזער פאָלק זענען פאָרגעקומען גרעסערע ענדערונגען ווי געוויינלעך.

די ענגלענדער און די אַמעריקאַנער און די רוסן און זייערע פאַרבינדעטע האָבן אָנגעהויבן א גרויסע אָפענסיווע אויף די אַלע לענדער, וואָס זענען אָקופּירט געוואָרן דורך די דייטשן. די ענגלענדער און די אַמעריקאַנער האָבן ביז איצט שוין איינגענומען גאַנץ צפון־אַפריקע און אויך דעם גאָר וויכטיקן אינדזל אין מיטללענדישן ים, סיציליע, האָבן זיי איינגענומען. און היינט 4.30 פאַרטאָג האָבן זיי אָנגעהויבן לאַנדן אין איטאַליע גופא.

אויך די רוסן אַטאַקירן איצט די דייטשן אין רוסלאַנד מיט אַזאַ שטאַר־קייט און אַנטשלאָסנקייט, וואָס אירס גלייכן איז נאָך נישט געווען אין דער דאָזיקער מלחמה, וואָס זי איז די גרעסטע מלחמה וועלכע איז ווען עס איז געווען אויף דער וועלט. וואָס אַן אמת זענען זיי ביז איצט נישט געגאַנגען אויף אַזוי פיל פאָרויס, אַז מען קאָן רעכענען אויף א דורכברוך אין דייטשן פראָנט, פונדעסטוועגן, כאָטש דאָס איז נאָך נישט געשען, קאָן מען זען פון די שווערע שלאַכטן וואָס קומען פאָר, אַז דער רוסישער הויפּט־שטאַב גרייט זיך דורכצוברעכן דעם דייטשן פראָנט און אַזוי אַרום אַריינברעכן זיך אין האַרץ פון אייראָפּע און אויך צו דערגרייכן דעם אַטלאַנטישן ברעג.

אויך די ענגלענדער און אַמעריקאַנער האָבן זיך דערקענט אויף די כוונות פון די רוסן, וואָס דאָס איז צו זען פון זייערע איצטיקע אָנשטרענגונ־גען פאָרצולויפן רוסלאַנד און אַריינדרינגען פאַר איר אין אייראָפּע. חוץ דעם וואָס זיי האָבן היינט געלאַנדעט אין איטאַליע גופא, גרייטן זיי זיך אויך צו לאַנדן אויף דער יבשה פון אַטלאַנטישן ברעג. די לופט־אַנגריפן פון די ענגלענדער און אַמעריקאַנער פאַרגרעסערן זיך איצט צו זייער א גרויסער צאָל און אויך די שווערקייט פון די אָנגריפן ווערט וואָס אַמאָל גרעסער. אין די פאַרגאַנגענע וואָכן האָבן זיי געמאַכט צוויי אָנגריפן אויף בערלין און אויך אויף אַנדערע דייטשע שטעט און אויך איטאַליענישע שטעט זענען אָנגעגריפן געוואָרן פון דער לופטן און אין א גרויסער טייל חרוב געוואָרן. פון מיין שטאַנדפּונקט קאָנען די דאָזיקע אָנגריפן, א חוץ

וואָס זיי זענען אַ באַצאָלונג פאַר די אָנגעגריפענע, אויך פאַרגרעסערן די צאָל פון די אַנגלאָ־אַמעריקאַנישע זינד און פאַרברעכנס. און עס איז נישט מעגלעך אין דער וועלט, אַז ג־ט זאָל זיין צופרידן פון דעם, אַז אָן א צאָל מענטשן ווערן כהרף עין דערהרגעט און גאַנצע שטעט, וועלכע מען האָט געבויט א סך יאָרן, זאָלן פאַרניכטעט ווערן אין געציילטע רגעס.

ווי איך האָב שוין געשריבן, ווי מיר שיינט, דאָס פאַרגאַנגענע מאָל, האָבן זיך מיר זייער און זייער געעפנט די אויגן אין ענינים פון דער פּאָלי־טיק אין פאַרגלייך צו מיינע פריערדיקע ידיעות און מיין פאַרשטענדעניש פאַר זיי. איצט עפענען זיך מיר די אויגן וואָס אַמאָל מער און מער. איצט האָב איך זיך איבערצייגט, אַז דייטשלאַנד האַלט מלחמה פאַר איר עצם עקזיסטענץ ווי א פרייע מלוכה. ווייל עס איז זייער מעגלעך, אַז נאָך דער מלחמה וועט דייטשלאַנד ווייטער עקזיסטירן, אָבער זי וועט נישט קאָנען זיין טעטיק ווי א פריי לאַנד, נאָר איר רעגירונג וועט זיין א מכשיר אין די הענט פון אירע באַזיגער. אויך ביז איצט איז זי געווען, נישט אין א קלײנער טייל, א מכשיר אין די אַנגלאָ־אַמעריקאַנישע הענט, ווייל זיי האָבן געוואָלט דורך איר אָפּשוואַכן רוסלאַנד. אָבער ווי עס זעט אויס האָבן זיי, דאָס הייסט די ענגלענדער און אַמעריקאַנער, זיך טועה געווען אין דער שטאַרקייט פון רוסלאַנד און איצט האָבן זיי שטאַרק מורא פאַר איר. דאָס קאָן מען דער־קענען פון דער גרויסער מי, פון דער גרויסער צאָל, אָפטע און לאַנגע באַ־ראַטונגען פון די אָנפירער פון ענגלאַנד און אַמעריקע און פון זייערע שטאַבן. אין דער אמתן האָבן זיך פאַרמערט די דאָזיקע באַגעגענישן אין גאָר אַ גרויסער מאָס, און ווען איך שרייב דאָס זיצט טשערטשיל, דער ענגלישער פרעמיער־מיניסטער און וועלכער האַלט פאַקטיש דעם ראָד פון דער רעגירונג, און באַראַט זיך מיט רוזוועלטן, דעם פרעזידענט פון די פאַר־אייניקטע שטאַטן.

אַזוי זעט מען שוין איצט אָן סימנים פון א צוקונפטיקער מלחמה צווישן ענגלאַנד און אַמעריקע פון איין זייט, און רוסלאַנד פון דער צווייטער זייט. א וואָס פאַראַ וועט זיין די אויפגאַבע פון יאַפּאַן אין דער דאָזיקער שפּיל, זעט זיך מיר נאָך נישט פאָר. אפשר נאָכן שוואַך ווערן פון די רוסן וועט זי פאַרנעמען איר אָרט און דורך דעם וועלן מיר קומען צו דער צייט פון דער מלחמה פון גוג ומגוג, אַזוי ווי עס האָט מיר געזאָגט מיין טייערער לערער, הער גרעבעל.

אין ערשטן טאָג אלול איז דערשינען די דאָזיקע מעלדונג אין די צייַ־טונגען: די אַראַבער און די יידן אין ארץ־ישראל גרייטן זיך צו א מלחמה צווישן זיך. די אַראַבער און די יידן גרייטן פאַרבאָרגענערהייט צו א מלחמה צווישן זיך, איז מודיע דער „דיילי מייל” פון קאַיר. „די צוויי טײלן פון ישוב האָבן זיך גאָר גוט באַוואָפנט די לעצטע צייט” גיט צו די צייטונג.

זייערע באַציאונגען פאַרערגערן זיך וואָס אַמאָל מער און מער. מען זאָגט, אַז די אַראַבער האָבן בערך הונדערט טויזנט ביקסן, א סך מלחמה־מכשירים, מאַשינען־געווער, האַרמאַטן און האַנט־גראַנאַטן. די יידן האָבן נאָר פופציק טויזנט ביקסן, אָבער אַנשטאָט דעם האָבן זיי אַ סך מער שווער געווער: ביי א צוויי טויזנט מאַשינען־געווער און עטלעכע גרויסע האַרמאַטן. מען זאָגט, אַז זיי האָבן אפילו אַן אייגענע געווער־אינדוסטריע. די דאָזיקע מעלדונג האָב איך געלייענט דעם ערשטן טאָג אין אלול אין צייטונג און ווי נאָר איך האָב געזען אין דער צייטונג „יידן" און „ארץ ישראל", האָט מיין האַרץ אויפגעציטערט און וואָס מער איך האָב געלייענט, אַלץ מער האָב איך גע־ציטערט. ווייל די דאָזיקע מעלדונג איז געוואָרן געהאַלטן אין דעם זעלבן נוסח וואָס די מעלדונגען פון פאַר די מהומות מיט עטלעכע יאָר צוריק. מיין גאַנצער גוף האָט געציטערט און זיך געטרייסלט ווען איך האָב א טראַכט געטאָן, אַז ווידער וועט יידיש בלוט, דאָס בלוט פון מיינע טייערע ברידער, דאָס בלוט וואָס ווערט טייערער פון טאָג צו טאָג — ווידער פאַרגאָסן ווערן, און צו וואָס. פאַר זייער ווילנס וועגן, פאַר די נידעריקע צילן און נישטיקע קאָמבינאַציעס פון די „גויים". דאָס דאָזיקע בלוט וועט נישט פאַרגאָסן ווערן פאַר דער יידישער זאַך. ווען עס וועלן פאַלן טויזנטער טייערע ברידער וועט צוליב זייער פאַלן די אַלגעמיינע לאַגע פון די יידן נישט בעסער ווערן אפילו כהוא זה. און ווען איך האָב געלייענט און איבערגעחזרט די דאָזיקע מעלדונג, האָט זיך מיין האַרץ אָנגעהיצט און אָנגעהויבן גיך צו קלאַפּן, מיינע אַלע נערוון זענען געווען אָנגעשפּאַנט און פלוצים האָב איך דערפילט אין זיך א באַגער און בענקשאַפט צו מיין ליב לאַנד און צו מיינע טייערע ברידער, וואָס טראָגן דעם וואָס זייער מלחמה וועט אפשר נישט זיין פאַר די יידישע אינטערעסן און צילן, בענקט מיין האַרץ צו זיי מיט א געוואַל־טיקער קראַפט. ווייל ווען זיי וועלן ליידן, דאַן וועלן זיי ליידן ווי יידן וואָס האָבן געשטעלט א ווידערשטאַנד, ווען עס וועלן פאַלן פון זיי, דאַן וועלן זיי פאַלן ווי יידן וואָס האָבן זיך פאַרטיידיקט, ווי פרייע יידן — און נישט ווי די פון אונדזערע ברידער וואָס ליידן איצט אונטער דעם האַרטן יאָך פון דייטשלאַנד, וואָס פאַר איר זענען זיי ווי שעפסן פאַר איר שחיטה.

## ו׳ אלול תש״ג

און אָט איז אין מיר פלוצים אויפגעגאַנגען א געדאַנק עולה צו זיין נאָך ארץ־ישראל, זיך צוזאַמענצוגיסן צו זיי, צו מיינע ליבע מיר ברידער, זיי צוצוהעלפן אין זייער מלחמה און אין נאָך אַנדערע זאַכן. טראַכטנדיק אַזוי האָב איך געזען און זיך איבערצייגט, אַז עס איז זייער מעגלעך, אַז ער וועט פאַרווירקלעכט ווערן עפּעס פון דעם וואָס איצט וועט געשען אין אונדזער פאָטערלאַנד. ווייל אין פאַרבינדונג מיט דעם וואָס געשעט דאָ אין

איירָאָפּע, האָב איך זיך איבערצייגט, אַז דייטשלאַנד און אַלע אירע טאַטן זענען נישט געטאָן געוואָרן בכדי זיך „צו הייליקן" אין איר. אפשר איז איר גאַנץ זיין נאָר געווען דערצו אָפּיציעל צו מאַכן דעם אַנטיסעמיטיזם. אָבער איצט זעט מיר אויס, אַז דייטשלאַנד איז שוין נישט מער, נאָר א שפּיל־פעלד פון די אַנדערע מלוכות. און כאָטש אונדזער פאָלק איז איצט נאָך אין א פיזישער סכנה, וואָס אַזאַ איז נאָך ביז איצט נישט געווען, נישט געקוקט אויף דעם ווייזט זיך איצט א סכנה וואָס איז פילפאַך גרעסער ווי די איצ־טיקע. דהיינו, די סכנה אַז ווען די רוסן וועלן קומען, אָדער אויך ווען ענגלאַנד און אַמעריקע וועלן קומען קיין איירָאָפּע, וועלן אַלע יידן פאַר־שווינדן, זיי וועלן זיך אַסימילירן צווישן די גויים. און איך האָב שוין גע־טראַכט וועגן דעם, וועגן דער לעצטער אַסימילאַציע. אפשר איז מיין מורא פאַר איר נישט מער ווי די מורא, וואָס אַזוי פיל יידן האָבן געהאַט אַזוי פיל מאָל אין אַזוי פיל פאַרשידענע צייטן, אַז דווקא אין דער רו זייערער וועלן זיך די יידן אַסימילירן, און פון דער געשיכטע האָבן מיר זיך איבערצייגט, אַז זייער מורא איז געווען א פאַלשע מורא. אָבער ווי מיר שיינט אז דאַ און איצט איז די זאַך נישט אַזוי, ווייל אַנטקעגן דעם אָפּיציעלן אַנטיסע־מיטיזם, וועלכער איז אויפגעשטאַנען די לעצטע יאָרן, איז אויך אויפגעשטאַ־נען דער קאָמוניזם, וואָס ער, ווי באַוווסט, מאַכט כלל וכלל נישט קיין חילוק צווישן א ייד און א נישט־ייד. און דאָס נישט נאָר אויפן פּאַפּיר, ווי בעת דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, וואָס דאָס האָט געווירקט נאָר עטלעכע געציילטע יאָר נאָך דער גזירה, נאָר אַזוי ווי עס איז צו זען אין רוסלאַנד, וווּ דאָס ווערט אַדורכגעפירט מיט עקסטרעמער קאָנסעקווענטקייט.

פאַרשטענדלעך, אַז פון נאַציאָנאַל־רעליגיעזן יידישן שטאַנדפּונקט, איז נישט מעגלעך, אַז דאָס זאָל זיין דער תכלית פון אונדזער גאַנץ ליידן, פון אונדזערע אומגליקן, פון אונדזער קלאָג און פון אַלע אונדזערע באַדרענגונ־גען וואָס זענען אריבער איבער אונדז און וועלן נאָך אַריבער איבער אונדז, און דאָס, אויף וויפל איך בין איבערצייגט מיט אַן אמונה שלמה, קאָן נישט זיין דער סוף פון אונדזער גלות. און דעריבער זעט מיר אויס, אַז דאָס וואָס ווערט פאַרווירקלעכט אין אונדזער פאָטערלאַנד, און דער עיקר וואָס וועט נאָך פאַרווירקלעכט ווערן, איז ווי א ביישפּיל פאַר אונדזערע ברידער דאַ אין גלות אויף די צוקונפטיקע טעג. דעריבער בענקט אַזוי מיין וועזן, מער ווי ביז איצט, צו מיין לאַנד דאָס באַליבטע, און איך האָב באַשלאָסן עולה צו זיין טראָץ דעם איצטיקן מצב, ווען עס איז כמעט נישט מעגלעך אַדורכ־צוגיין די גרענעצן אָן א באַשייניקונג, און טראָץ דעם וואָס איצט איז נאָך פאַרשאַרפט געוואָרן די שמירה אויף די גרענעצן צוליב דער סכנה פון לאַנדונג. און אָט גרייט איך זיך פון איצט אָן עולה צו זיין אין מיין פאָטער־

לאַנד, און אין דער סאַמער נאָענטסטער צייט וועל איך מיט ג־טס הילף פּרוּוון דאָס צו טאָן.

זונטיק האָב איך גערעדט מיט מיין „חבר". ער איז אַ קריסטלעך יינגל. און רעדנדיק אַזוי וועגן דעם מצב פון ענגלאַנד, איז פּלוצים אַרויס פון זיין מויל, די טינופתדיקע יידן. איך האָב אים געוואָלט ענטפערן, אָבער נאָך דעם ווי איך האָב אַ ביסל געטראַכט האָב איך געזען, אַז עס איז בעסער צו שווייגן. אָבער נאָך מיין טראַכטן האָב איך זיך איבערצייגט, אַז די יידן־פראַגע, היינו, די פראַגע פון מיין טייער און באַליבט אויף מיר פאָלק, קאָן מען נאָר לייזן פון יידיש־סוביעקטיוון שטאַנדפּונקט. דעם דאָזיקן שטאַנד־פּונקט האָב איך, ווי מיר שיינט, פון קינדווייז־אָן און האָט זיך זייט דעמאָלט זייער פאַרפעסטיקט און פאַרשטאַרקט ביז גאָר. און איך האָף, אַז דער שטאַנדפּונקט וועט מיר בלייבן אין משך פון מיין גאַנץ לעבן, און אַז דורך דעם וועט מיין ג־ט מיך מזכה זיין צו זען, צו אונטערשיידן, קלאָר צו מאַכן און צו פאַרשטיין מיט אַ שאַרף אויג אַלע פראַגן פון אונדזער פאָלק סיי אין זיין פאַרגאַנגענהייט, סיי אין זיין קעגנוואַרט אָדער אין דער צוקונפט. ווייל איך ווייס מיט אַן אַבסאָלוטער זיכערקייט, אַז צוליב די אַלע באַדרענג־ונגען, וואָס זענען אַריבער איבער אונדז אין משך פון דער גאַנצער געשיכטע אונדזערער, האָבן מיר באַקומען דעם דאָזיקן זכות. און דורך דער אַלגעמיינער גייסטיקער מעלה פון אונדזער פאָלק האָבן מיר זוכה געווען צו דערהויבן די פראַגע פון אונדזער פאָלק צו אַן אַלמענטשלעכער פראַגע, אין דער קעגנוואַרט אָדער אין דער נאָענטסטער צוקונפט.

איצט, ווען איך האָב דערגרייכט דעם סוף פון ערשטן העפט פון מיין טאָג־בוך, גייען אַרויס מיינע געפילן צום סאַמע ערשט צו אונדזער ג־ט, דעם ג־ט פון ישראל, פאַר דעם וואָס ער האָט מיך אָפּגעהיטן און אָפּגעהיטן מיין פאַמיליע אין די דאָזיקע שלעכטע צייטן, און האָט מיך געמאַכט זוכה זיין צו דערקענען און צו וויסן, טראָץ די אָפּטע צרות און באַדרענגונגען אין דער דאָזיקער פאַרכטיקער צייט וועלכע האָבן געטראָפן אונדזער פאָלק, זיין געטלעכע פירערשאַפט און זיין געהויבענע שמירה.

און צום סוף גייען אַרויס מיינע געדאַנקען צו מיין רבין, לערער און הויכן פריינט, הער גרעבעל, וואָס מיין געדענקען אים האָט מיך נישט אָפּגע־לאָזט פון דער צייט זייט איך האָב פאַרלאָזט מיין ערשטע געבוירן־שטאָט און וועגן וועלכן איך האָב נאָר דערפאַר אַזוי ווייניק געשריבן, ווייל איך האָב נישט געהאַלטן מיין ווען פאַר געבוג ריין צו רעדן וועגן אַזאַ טייערן און אַזאַ ליבן מיר ביז גאָר מענטש.

ג־ט מיין ג־ט, ביזט מיר אַזוי נאָענט און אויך אַזוי ווייט. שטענדיק פאַרלאַנגט דיך דיין קנעכט. שטענדיק מיין ג־ט זענען מיינע געדאַנקען צו דיר און מיינע מעשים אויך. אַזוי ג־ט מיין ג־ט זאָלסט זיך נישט דערווייטערן

**פון** מיר. הער זיך ביטע צו צום קול פון מיין געבעט, באַגנעדיק מיך און דערבאַרעם דיין פאָלק ווייל עס איז
אַזוי נאָענט
און אַזוי ווייט!!

**דו ביסט ראָזשע און איך משה, ביידע האָבן מיר גערעדט וועגן דעם און וועגן יענעם, איך גיי זיך און בענטש דערמיט פאַר און איך בענטש און זאָלסט דערגרייכן צום געגאַרטן אָרט. *)**

מיין פאָלק, וואָס קאָן איך דיר זאָגן און וואָס וועל איך רעדן זיך צו באַרעכטיקן: מיינע מעשים וועלן מיך באַרעכטיקן און זיכער זיכער וועל איך צוריקקומען צו דיר מיין פאָלק, דיינער בין איך געווען און דיינער וועל איך זיין, פון דיר בין איך געקומען און צו דיר וועל איך צוריקקומען, פאַר דיר וועל איך אַרבעטן, שטרעבן, מיין פאָלק מיין טייערס, און אונדזער ג־ט ער וועט זיכער מיך דערבאַרעמען, ער וועט מיך נישט אָוועקוואַרפן פון זיך. מיין ג־ט, דו ווייסט דאָך מיין האַרץ, דו האָסט מיך דערקענט. ו״ו זענען באַוווסט אַלע מחשבות פון מיין האַרץ. ג־ט, דערבאַרעם זיך־זשע ביטע אויף דיין קנעכט, דערבאַרעם!

**משה משה און ער האָט געזאָגט איך בין דאָ און ער האָט געזאָגט און ער האָט געשעפטשעט דיין איינציקער **).**

**פאַר אונדז מאַרשירן / מיט פענער הייליקע / אונדזערע העלדן די געהרגעטע / און איבער אונדז אונדזערע עלטערנס העלדן־לאַנד! אונדזער לאַנד! מיר זענען דאָ***).**

**ג־ט פון מיין פאָלק / ג־ט פון מיין גייסט / דו ביסט מיין פעלדז / און מיין טורעם / צו דיר האָב איך געהאָפט / ג־ט ג־ט / דעם ג־ט פון מיין פאָלק / ג־ט ג־ט / מיין ג־ט / מיט וואָס וועל איך קאָנען דיך לויבן / מיט וואָס וועל איך קענען / קומען פאַר דיר / ג־ט מיין ג־ט / ג־ט פון מיין פאָלק / ג־ט מיין ג־ט / מיין ג־ט / איך בין דיין קנעכט / און דו מיין**

---

*) נאָך די ווערטער כה קרוב וכה רחוק (אַזוי נאָענט און אַזוי ווייט) געפינען מיר פלוצים אין טעקסט אַזאַ זאַץ: „אתה רוג׳ה ואני משה. יחד דברנו על הא ועל זה, הנני הולך לי ומברך בזה נסוע ומברך שתגיע למקום המקווה״. דער דאָזיקער זאַץ האָט נישט קיין שום שייכות מיטן ווייטערדיקן טעקסט, וועלכער הויבט זיך אָן פון אַן אָפּזאַץ מיט די ווערטער: „עמי מה אוכל לאמור לך מה אדבר להצדיקני...״ (מיין פאָלק, וואָס קאָן איך זאָגן און וואָס וועל איך רעדן זיך צו באַרעכטיקן. — י. ה.)

**) אין מקור נאָך צוויי העברעאישע ווערטער „לה מרבה״. און ס׳איז נישט קלאָר.

***) אַ פרייע איבערזעצונג פון אַ דייטשן מאַרש־ליד. די יידישע איבערזעצונג איז געמאַכט פון דער העברעאישער.

ג־ט / מיין ג־ט / מיין פעלדז און מיין טורעם / דיר וועל איך דינען / מיט מורא און פאָרכט / דיר און דיין פאָלק / מיין ליב פאָלק / ג־ט מיין ג־ט / ג־ט פון מיין פאָלק / ג־ט מיין ג־ט / מיין ג־ט.

דער מענטש איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די רעזולטאַטן פון זיינע גע־ווונטשענע מעשים, ווי פאַר די נישט־געווונטשענע.

ג־ט מיין ־גט, דערבאַרעם זיך איבער מיר אין זכות פון דעם אַלעם גוטן און די אַלע באַגערן, וועלכע איך האָב אַליין פאַרמיאוסט, און וואָס נאָר דיך האָב איך אויסדערוויילט ג־ט מיין ג־ט מיין געבעט.

די מעשה, וועלכע איז זיך פאַרלאָפן, איז זיך אַזוי פאַרלאָפן. עטלעכע חדשים נאָך מיין קומען קיין בריסעל האָט מיין טאַטע צו מיר געזאָגט: משה, וואָס וואָלסטו געזאָגט צו דעם, אַז דו זאָלסט דאָ באַזוכן א שולע פאַר לערנען שרייבן אויף מאַשין און סטענאָגראַפיע. ווען דו וועסט באַזוכן אַזאַ שולע וועסטו זיך אויך אויסלערנען גוט רעדן פראַנצויזיש. איך האָב געענט־פערט, אַז אויב דער טאַטע וויל דאָס, וועל איך זיך נישט קעגנשטעלן, און נאָך א וואָך צייט בין איך שוין געווען פאַרשריבן אין דער שולע. זייט דאַן בין איך געגאַנגען יעדן טאָג, חוץ שבת און זונטיק, אין דער דאַזיקער שולע. איך האָב געלערנט און געמאַכט פאָרשריט. אָבער אַלץ איז געבליבן אַזוי ווי עס איז געווען. אפילו די מינדסטע ענדערונג איז נישט פאָרגעקומען מיט מיר. איך בין נאָך אַלץ געווען דער זעלבער משה וואָס איז געקומען פון האָלאַנד. אָבער אַלץ האָט זיך ווערזנטלעך געענדערט ווען אין דער שולע איז אָנגעקומען א יינגל וואָס איך האָב נאָך קיינמאָל ביז דאַן נישט געהאָט געזען. דער נאָמען פון יינגל איז מאַרסעל דוטראַנג. *) דאָס דאַזיקע יינגל, וואָס איז, ווי מיר שיינט, אַלט איין און צוואַנציק יאָר, האָט אויף מיר אַזוי פיל משפיע געווען, אַז איך אַליין בין דערשטוינט דערפון. די גאַנצע צייט וואָס איך בין געווען אין בריסעל בין איך קיין איינמאָל נישט געגאַנגען אין סינעמאָ לשמו, דאָס הייסט בכדי צו זען דעם פילם. וואָס אָן אמת איז, אַז ווען איך בין אַהערגעקומען, בין איך עטלעכע מאָל געווען אין אַזאַ אָרט. אָבער נישט בכדי צו זען דעם פילם, נאָר פשוט ווייל עס איז געווען מסוכן אין גאַס און איך האָב נישט געהאָט קיין שום פאַפירן. אָבער נאָך דעם ווי איך האָב באַקומען די אידענטיטעטס־קאַרטע, האָב איך שוין דאָרט מער נישט באַזוכט.

הער גרעבעל
וויפל ליב איך האָב דיך געהאַט /
וויפל האָב איך האָלד דיך געהאַט
לערער מיינער! פאַטער מיינער!

---

*) דאָס וואָרט איז נישט קלאָר.

וויפל האָט מיין וועזן באַגערט צו דיר /
וויפל האָט מיין האַרץ געבענקט צו דיר
לערער מיינער! פּאַטער מיינער!
מיט אַלע מיינע מעשים /
אין אַלע מיינע טראַכטונגען /
ביזטו מיין לערער!
לערער מיינער! פּאַטער מיינער!
אין אַלע מיינע געדאַנקען / אין אַלע מיינע פאַרטראַכטונגען /
האָסטו מיך געפירט
לערער מיינער! פּאַטער מיינער!
מיינע עלטערן האָבן באַשאַפן מיין גוף /
און דו האָסט מיין גייסט געבוירן
לערער מיינער! פּאַטער מיינער!
דיין געדענקעניש וועט מיך שטענדיק דערמאָנען / דיין געשטאַלט וועט מיך
שטענדיק שטראָפן / דיין גייסט וועט מיך שטענדיק לערנען
לערער מיינער! פּאַטער מיינער!
וווּ דו ביסט: שלום! שלום!
דיר און אַלע יידן פרידן פרידן!

— מען דאַרף נישט טראָגן אַזוי אָפן דעם ספר תנ״ך אין עברית.

— פאַרוואָס נישט, מיין הער?

— ווייל מען זעט — און די דייטשן זענען דאָך אומעטום — אַז דו ביסט אַ ייד.

— אָבער אַנטשולדיקט ביטע, מיין הער, איך בין נישט קיין ייד.

— איז וואָס ביזטו?

— איך בין אַ האָלענדער.

— זייענדיק אַ האָלענדער איז זייער מעגלעך אַז דו ביסט א ייד.

— אַ פּראָטעסטאַנט בין איך.

— אָבער זייענדיק א פּראָטעסטאַנט קאָסטו אויך זיין א ייד.

— אָבער מיין הער, האָסט מיך געפרעגט צי איך בין א ייד, און איך האָב דיר געענטפערט, אַז איך בין נישט קיין ייד. האָסטו מיך ווידער געפרעגט, וואָס־זשע בין איך, און איך האָב דיר געענטפערט, אַז איך בין א האָלענדער און א פּראָטעסטאַנט, פונדעסטוועגן האָסטו מיר געענטפערט, אַז דאָס איז נישט קיין מניעה, אַז איך זאָל זיין א ייד. איז בכן וואָס פאַראַ ענטפער האָסטו דערוואַרט ווען דו האָסט מיך געפרעגט, צי איך בין א ייד.

באמת, מיין הער, מען קאָן זיין דאָס אַלץ צוזאַמען און זיין אין דער זעלבער צייט א ייד.

צוויי טויזנט יאָר / פאַרטריבענע מיר
צוויי טויזנט יאָר / ליידן מיר
צוויי טויזנט יאָר / האָפן מיר
צו אונדזער הילף וואָס פאַרזאַמט.
צוויי טויזנט יאָר / וואָגלען מיר
צוויי טויזנט יאָר / וואַנדערן מיר
צוויי טויזנט יאָר / האָפן מיר
צו אונדזער אויסלייזונג וואָס שפעטיקט.
איצט מיר / שטייען דאָ
אינעם צוואַנציקסטן / יאָרהונדערט
מיר שטייען / און האָפן
ג־ט אונדזערער וועסטו העלפן?
יאָ ג־ט אונדזערער / דו וועסט העלפן
יאָ אויסלייזער אונדזערער / דו וועסט אויסלייזן
דו האָסט פאַרגעסן / און וועסט דערמאָנען
דו האָסט פאַרלאָזט / און וועסט זיך אומקערן
דו וועסט זיך אומקערן / און וועסט אונדז אומקערן
דו וועסט דערבאַרעמען / און אונדז לייטזעליקן
דו וועסט אונדז פאַרפלאַנצן / אויף אונדזער ערד.
וועסט אונדז באַרייט מאַכן / אויף אונדזער אַרבונג.

רעדנדיק צו אייך וועגן נקמה, ווייל איך כלל וכלל נישט, אַז איר זאָלט דערמיט פאַרשטיין, אַז יעדער ייד וואָס קאָן טראָגן א שווערד, זאָל אויפשטיין און אָנפאַלן אויף אַ דייטש, בכדי נוקם צו זיין פון אים דאָס בלוט פון אונ־דזערע ברידער און שוועסטער און זייערע גרענעצלאָזע יסורים. ניין, מיינע ליבע ברידער, ווען מען רעדט ביי יידן וועגן אַזאַ נקמה, איז עס שטענדיק באַגלייט פון דער תפילה צום בורא עולם, אַז ער זאָל נוקם זיין אונדזער נקמה. ווייל אין אונדזער ווילן נקמה צו נעמען פון דעם אַלעם פון וואָס עס איז אַלץ פאַראַן נקמה צו נעמען, דאַרפן מיר אויפשטיין קעגן דער גאַנצער וועלט, ווייל עס איז נישטאָ קיין פאָלק, און נישטאָ קיין לאַנד פון וועלכן מיר האָבן נישט געליטן ביטערע און שווערע צרות.

ניין, ברידער, רעדנדיק צו אייך וועגן נקמה פאָדער איך פון אייך אַכט צו לייגן אויף דער פאָזיטיווער זייט פון דער נקמה. פאַר די צרות פון היינט און פאַר די צרות פון דעם גאַנצן און לאַנגן גלות וואָס מיר ליידן שוין מער ווי צוויי טויזנט יאָר, וועט זיין די נקמה דאָס אויפשטעלן פון אונדזער לאַנד און עס באַזעצן דורך אונדזער פאָלק און צוריקברענגען אונדזער באַליבט פאָלק אין לאַנד פון זיין אַרבונג. דאָס וועט זיין די גרעסטע נקמה וואָס איז אין אונדזערע הענט מיר זאָלן זי נוקם זיין. צו דער דאָזיקער נקמה בעטן

מיר אָמערשטנס די הילף פון אונדזער ג־ט. דעם ג־ט פון ישראל, וועלכער האָט אונדז אין משך פון גאַנצן גלות אָפּגעהיטן פון פאַרלענדונג. ער וועט אונדז זיכער העלפן און וועט אונדז אין אונדז באַפעסטיקן פון דאָסניי אויף דער ערד פון אונדזער אַרבונג, אונדזער הייליק לאַנד ארץ־ישראל. אָבער איר זאָלט נישט טראַכטן טייערע ברידער *)

מיין ג־ט! באַוויליק זשע מיין ווילן ער זאָל טאָן דיין ווילן!

לאָמיר פאַרקנסט ווערן צו דיר און מיר וועלן דיך פאַרקנסן צו זיך!

וואָס טראַכסטו? וואָס טאָן? צוויי זאכן וואָס זענען פארבונדן איינס אין אנדערן מיט די שטאַרקסטע שטריק. וואָס פארא נוצן האָט דער געדאנק אָן דעם טאָט און וואָס פארא דער טאָט אָן דעם געדאנק. פריער איז געווען דער טאָט און דערנאָך דער געדאנק. און איצט דאַרף איך מעשים. א לאַנגע צייט האָב איך נישט געטאָן עפּעס אנדערש א חוץ טראַכטן. א געדאנק נאָך א גע־דאנק און צו קיין טאָט איז נישט געקומען. און איצט קאָן איך שוין מער נישט טראַכטן. וואָס איז די מחשבה אָן דעם טאָט. וואָס האָב איך דערפון, אז איך וועל נישט אויפהערן טראַכטן ווען צו קיין מעשים וועל איך נישט קומען. ווארעם איך לעב דאָך נישט אליין אין דער וועלט. איך פיל אין זיך כמעט, אז עס איז מיר פארווערט ווייטער טראַכטן אזוי לאנג ווי איך האָב נאָך גאָר־נישט נישט געטאָן. ווי א קול וואָלט אין מיר געזאָגט: דו האָסט נישט קיין רעכט צו טראַכטן ווען דיין גוף רוט. אָבער וואָס זאָל איך טאָן. פון אלע זייטן ביז איך פארמאַכט ווי א פויגל אין שטייג. וווהין זאָל איך זיך קערן, וווהין זאָל איך זיך ווענדן. פון איין זייט מיין ליב פאָלק, וועלכעס איז איצט אין אומענדלעכע ליידן, מיין פאָלק וואָס איז מיר ליב מער ווי אלץ, מיינע ברי־דער און שוועסטער וואָס זענען מיר א סך נענטער ווי איך אליין בין צו זיך.

און יעדער נישט טעטיקער טאָג, פיל איך, טוט מיר וויי אין מיר. אין דער צייט ווען אזויפיל ליידן, וועסט דו גאָרנישט טאָן, וועסט זיך אפילו דאָס מינ־דעסטע נישט פארמינערן ביי דיין עסן. וועסט נישט פארמיידן פון דיין גוף אפילו די קלענסטע הנאה, די סאמע מינדעסטע. נישט דערפאר ווייל איך וויל נישט, אָדער קאָן נישט, נאָר דערפאר ווייל איך בין דאָ און מיין פאָלק איז אין אָרט פון דעם אומגליק, נאָר דורך דעם וואָס איך דריי זיך דאָ ארום אין בריסל ווי די רעשטע גויים, און די קינדער פון מיין פאָלק דרייען זיך דאָרט, אויפן אָרט פון זייערע צרות, ערגער ווי די קנעכט. דעריבער וועט מיר גאָרנישט העלפן אויב איך וועל פארמיידן פון מיין מויל א טייל פון מיין עסן און אויך פארווערן אויף זיך צו יואשן מיין גוף אָדער נעמען אויף זיך אנ־דערע קווענישן, ווייל דער חילוק פון אָרט איז דער חילוק אינגאנצן. איך איך בין דאָ און מיינע ברידער זענען דאָרט, און קיין שום פייניקונג וועט מיך

*) אָפּגעהאַקט אין מקור.

צו זיי נישט דערנענטערן. אָבער וואָס טאָן.

דערנאָך ווי איך האָב אָן א סוף געטראַכט בין איך געקומען צו א באשלוס, אז דאָס איינציקע אָרט, וווּ איך קאָן זיין צו עפּעס א נוצן פאַר מיין פאָלק איז אין אונדזער טייער, ליב און אזוי ווייט לאַנד. נאָר דאָרט וועל איך קאָנען דערגיין צו אָ וועלכן עס ציל לטובת מיין פאָלק, וואָס נאָר דאָס איז מיין ווילן און דער עיקר זין פון מיין לעבן. און דאָס האָב איך שוין באשלאָסן מי ידע ווי לאַנג. אָבער ביז איצט בין איך נאָך נישט דערגאַנגען צו דעם דאָזיקן ערשטן ציל. ביז איצט האָב איך נישט פאַרווירקלעכט אפילו דעם קלענסטן חלק פון דעם, וואָס איך האָב געטראַכט אין אזא לאַנגער צייט. איך האָב שוין פּרובירט עטלעכע זאַכן, אָבער קיין שום זאַך האָט נישט געהאָלפן. פון איין זייט שטייען מיינע עלטערן, וואָס מיט זייער היטן מיך, וועלכעס איז מיר כלל וכלל איבעריק, שטערן זיי מיר יעדע טאָט, יעדע פאַרווירקלעכונג. און אזוי בין איך געבונדן פון אלע זייטן און די צייט דריקט אָן איבערייס, אָן אויפהער, און איך קאָן נישט טאָן קיין שום זאַך. אוי מיין ג־ט, העלף מיר דו, שטאַרק מיך און פעסטיק מיך, ריכט מיך און ברייט מיך פאַר דיין ווילן, ווייל נאָר אים באגער איך. אָט בין איך און דערבאַרעם מיך ווייל נאָר דיך וויל מיין ווילן — דיין ווילן און מיין באַגער — דיין באַגער. מיין ג־ט! מיין ג־ט, איך בעט דיך הער־זשע מיין געבעט!

א ייד ביי דיין אוועקגיין / א ייד ביי דיין אריינקומען
א ייד ביי דיין אויפשטיין / א ייד ביי דיין זיך זעצן
א ייד ביי דיין גיין / א ייד ביי דיין שטיין
א ייד ביי דיין טראַכטן / א ייד ביי דיינע טאָטן
א ייד אין דיינעליידן / א ייד אין דיינע פריידן
א ייד אין דיין רעדן / א ייד אין דיין שווייגן
א ייד ביי דיין טרינקען / א ייד ביי דיין עסן
א ייד אין דיינע געשעפטן / א ייד ביי דיין לערנען
א ייד ביי דיין אנשוכן / א ייד ביי דיין אָנקליידן
א ייד אין דיין פיינטשאפט / א ייד אין דיין ליבשאפט
א ייד אין דיין ג־ט / א ייד אין דיין פאָלק
א ייד ביי דיין לעבן / א ייד ביי דיין טויט
א ייד אין הימל / א ייד אויף דער ערד
א ייד ביסט דו געבוירן / א ייד וועסט דו שטאַרבן
שמע ישראל ד׳ אלוקינו ד׳ אחד.

יעדער מענטש האָט זיך א ג־ט אין זיין ווענז. אפילו ווען עס פאַראייניקן זיך א סך מענטשן צו איין ג־ט, און אפילו ווען זיי רופן אים מיט איין נאָמען, איז נישט מעגלעך, אז אין די טיפע — טיפענישן פון זייערע ווענס זאָלן זיי אלע מכוון זיין צו איין ג־ט. ווייל ווען דער סטאָליאר איז מכוון צו ג־ט ער

זאָל העלפן די סטאָליאַרס, האָפּט דער פאַבריקאַנט צו דעם ג־ט, וועלכער באַ־שיצט די סטאָליאַר־פאַבריקאַנטן און פאַרשטענדלעך נאָר די, וואָס פאַבריציִרן נאָר טישן. און אפילו דאָס וועט נישט זיין פאַר אים גענוג, ווייל אין דער אמתן איז זייער מעגלעך, אז דער דאָזיקער פאַבריקאַנט, וועלכער דאַוונט מיט אזא טיפער כוונה האָט קאָנקורענטן און דעמאָלט בלייבט נישט מער איבער זיין ג־ט, ווי נאָר אים אליין צו העלפן און צו פאַרניכטן און פאַרטיליקן זיינע אלע קאָנקורענטן. אזא איז דער אמת פון דעם אייגנטלעכן לעבן און קיין שום פילפוליסטישע פילאָזאָפיע וועט דאָ גאָרנישט נישט קאָנען ענדערן. עס איז נאָר מעגלעך אזא זאַך, אז די אינטערעסן פון א מענטשלעכער געזעלשאַפט זאָלן זיך באַהעפטן אויף אזא אופן, אז זיי זאָלן ווערן אזוי באַהאָפטן, אז דורך דעם זאָלן זיי מוותר זיין אויף אלע זייערע אנדערע אינטערעסן, וואָס זיי האָבן, און מכוון זיין זייערע אלע אינטערעסן צו דעם איינעם אינטערעס, וועל־כער איז וויכטיקער פון אלע און פון וועלכן זיי אלע זענען אָפּהענגיק. אזוי איז עס ביי אונדזער פאָלק, ביי די יידן. צוליב דעם איז זייער מעגלעך, אז אלע פילאָזאָפן פון דער וועלט וועלן זיך ווונדערן לייענענדיק אין אונדזערע הייליקע ספרים וועגן ג־ט פון ישראל, וואָס ער איז דער איינציק באַשטימטער פאַר איין פאָלק, דאָס אויסדערוויילטע פאָלק פון אלע פעלקער, אָבער דאָס שטערט כלל וכלל נישט, אז די דאָזיקע זאַך איז דער אממיינסטן אמתדיקער אמת. דעריבער האָבן מיר נאָר איין ג־ט, נאָר איין לאַנד, נאָר איין פאָלק. ווען מיר וועלן וועגן דעם טראַכטן, ווען מיר וועלן זיך קאָנצענטרירן אויף די דאָזיקע זאכן, ווען מיר וועלן זיי זיך שטענדיק נעמען צום האַרץ, וועט קיין פאָלק נישט זיין שטאַרקער פאַר אונדז און קיין שום אומגליק וועט אונדז נישט פאַראומגליקלעכן, ווייל אנטקעגן דעם אחדות וועט אלץ צעבראָכן ווע־רן. דעריבער, ברידער אין פאַרגאַנגענהייט און קעגנוואַרט און אין דער צו־קונפט, ביים לייגן זיך און ביים אויפהייבן זיך שמע ישראל ד׳ אלוקינו ד׳ אחד.

## פאַרנאַכט אין דער צייט פון מנחה

אָט זיץ איך ביים פענצטער און גרייט זיך צו דאַווענען מנחה. איך קוק פאַראויס פאַר זיך, און נון איז אלץ רויט. דער גאַנצער האָריזאָנט איז רויט. דער הימל איז באַדעקט מיט בלוט־וואָלקנס. איך בין א דערשראָקענער פון דער דאָזיקער זעאונג. איך טראַכט מיר, פונוואַנען קומען די דאָזיקע וואָלקנס. בלוט־וואָלקנס פונוואַנעט זענט איר. אָבער פלוצים איז אלץ, אלץ פאַר־שטענדלעך, אלץ פשוט. צי ווייסט דו נישט ? פון די ימים בלוט. די ימים, וואָס זענען געוואָרן פון די מיליאָנען געפאַנגענע יידן און ווער ווייסט ווו זיי זע־נען. אָט זענען מיר געוואָרן בלוט־וואָלקנס, פון די ימים בלוט זענען מיר גע־קומען. מיר זענען געקומען צו דיר פון אָרט ווו דיינע ברידער זענען, פון די

ערטער ווו דיין פאָלק איז, צו געבן דיר שלום. אָט זענען מיר עדות, פון דיין פאָלק זענען מיר געשיקט געוואָרן צו ווייזן דיר זיינע אומגליקן. פון די ימים בלוט זענען מיר אויפגעגאנגען, דורך די זידיקע צרות זענען מיר באשאפן געוואָרן, מיר זענען דיר א באגריסונגס־צייכן. פון דיין פאָלק זענען מיר דיר־רעקט געקומען צו דיר. געדענקסט נאָך אונדז, משה? אָדער דו האָסט שוין לאנג פארגעסן דיין פאָלק און זיינע אומגליקן. האָסטו זיי נאָך אין דיין קאָפּ, אָדער דו האָסט זיי שוין צוביסלעך פארגעסן. אָט זענען מיר צו דערמאָנען דיר דיין פאָלק, מיר זענען שליחים פון אים. עדות צו זאָגן וועגן זיינע אומ־גליקן. נאָך אביסל און מיר וועלן ארויף אין הימל פאר דער שטול פון ג־ט, דעם ג־ט פון ישראל. נאָך אביסל און מיר וועלן דערשיינען פארן געוועלטיקער פון דער וועלט און מיר וועלן אים פרעגן: ביז וואנען נאָך? ווי לאנג וועט נאָך גרימען דיין צאָרן אין דיין אויסנעמלעך פאָלק? ביז ווי לאנג וועט ער כעסן אויפן פאָלק, וואָס ער האָט אויסגעווילט און וואָס פאר זיינעטוועגן ליידט עס שוין צוויי טויזנט יאָר? באוווסטזיניק און נישטבאוווסטזיניק לעבן נאָך די קינדער פון דיין פאָלק. צרות אויף צרות זענען אריבער און גייען אריבער איבער אונדזערע קעפּ און נאָך אביסל און עס וועט קומען דער קריי־זיס. צוויי טויזנט יאָר האָבן מיר געטראָגן דעם עול פון גלות, צוויי טויזנט יאָר האָבן מיר געבוירן קינדער פאר אומגליק. און צוויי טויזנט יאָר זענען מיר שוין פאַרפאָלגטע, ג־ט אונדזער ג־ט, און נאָך אלץ נישט גענוג?! האָסט נאָך נישט דערבארעמט אויף דיין אויסדערוווילט פאָלק, צאָרנסט דו נאָך אויף אים. וועסט דו אונדז אויף אייביק פארגעסן, ג־ט פון ישראל. ווארעם דיין נאָמען רופט זיך דאָך אויף אונדז, איז אויב נישט פאר אונדז, דאָן טו עס פאר זיך, אייל זיך צו ג־ט און העלף אונדז. אייל זיך, ביטע, צו אונדזער הילף, ווייל נאָך אביסל און מיר זענען פארביי, נאָך אביסל און עס וועט נישט זיין מער קיין זכר פון דיין פאָלק ישראל. דערבארעם זיך, דערבארעם ג־ט אויף דיין פאָלק, פארזוים נישט, ווארט נישט, ווייל נאָך אביסל און עס וועט שוין זיין שפּעט...

אָט זיץ איך אנטקעגן דער זון. נאָך אביסל און זי וועט פארזינקען, זי האָט זיך שוין דערנעענטערט צום האָריזאָנט. זי איז רויט ווי בלוט, ווי עס וואָלטן געטריפט פון איר טראָפּנס בלוט. פונוואנען האָט זי אזויפיל בלוט. שוין עטלעכע טעג ווען אין די בין־השמשותן איז זי רויט, אָבער אין דער אמתן איז עס מיר כלל וכלל נישט קיין וווּנדער. איז דען פאראן ווייניק אויף וואָס צו וויינען אין די טעג פון די דאָזיקע אומגליקן. ווארעם אין יעדער זייט און ווינקל, ווו מען ווענדט זיך דערשיינען פאר דיינע אויגן אָבער אומגליק און ווידער אומגליק: דאָרט האָט מען געכאפּט א זקן מיט א זקנה, וואָס יעדער פון זיי האָט שוין מער ווי זיבעציק יאָר; דאָרט טרעפסט דו אן אויסבאהאל־טענעם ייד, וואָס האָט נישט קיין געלט צום לעבן; און דאָרט האָסט דו א זון

פון דיין פאָלק, וואָס זיין געלט ווערט וואָס אמאָל ווייניקער, ווייל ער האָט זיין גאַנץ געלט אריינגעלייגט אין דאָלארן, וואָס איצט פאלן זיי צוליב א נישט פארשטענדלעכער סיבה. נישטאָ קיין סוף צו די צרות. און יעדעס מאָל ווען איך טרעף א זון פון מיין פאָלק פרעג איך זיך אליין: משה, וואָס טוסט דו צו דעם? איך פיל זיך פאראנטוואָרטלעך פאר יעדע צרה. און איך פרעג זיך אליין, צי נעם איך נאָך אַן אָנטייל אין די צרות פון מיין פאָלק, אָדער דו ביסט אינגאנצן ארויס פון דיין פאָלק.

פריער, הייַנו פאר דריי פיר חדשים, וואָלט מיר כלל וכלל נישט שווער געווען צו ענטפערן אויף די דאָזיקע פראגן, ווייל מיט פעדעם פון מיין הארץ און מיט מיין גאנץ וועזן בין איך געווען פארבונדן מיט מיין פאָלק און מיינע ברידער. אָבער איצט האָט זיך אלץ פארענדערט. פון דער צייט זייט איך בין געוואָרן ליידיק פיל איך זיך ווי דאָס אלץ וואָלט מיך מער נישט אָנגע־רירט, און פיל זיך ווי א מת וואָלט איך געווען. אויך

---

אָפּגעהאַקט אין מקור.

נאָך נישט פארלוירן אונדזער האָפענונג

די האָפענונג פון צוויי טויזנט יאָר

דערבאַרעמט צו ווערן פון אונדזער ג־ט

דער ג־ט פון ציון און ירושלים.

די ענדע פון מיין טאָג־בוך, א דאנק צו ג־ט.